


ליטעראַריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל

מינסק

1935

## אינהאַלט



3

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיך:

# שטערנ

№ 3 עלפטער יאָרגאנג מאַרט 1935

ד. האָפשטיינ

## אינ אָפּרו-הויז

I

צי פונ מידקייַט, צי איך ווער שוינ אלט,
אָפּט שוינ ציט מיר זייַנ האָריזאָנטאל...

אלצ איז דאָ אינ צימער, אלצ פאראנ
הייַנט נאָר זע איך, ס׳פעלט נאָך א דיוואנ...

פאר די האָנענ שטיי איך אופ דאָ הי,
אָבער צענ אזייגער איז דאָך פרי.

ערשט ניט לאנג האָט מענ גערוימט, פארבעט,
אונ מיך ציט מיט צוואנגענ צו מייַנ בעט...

נעמ איך שטיל אראָפּ די ווייַסע דעק —
כ׳בינ אליינ א באלעבאָס—איך מעג.

קאָנ איך אָנטאָנ זיך אזא מינ וויל
אונ אינ אָנטאָנ אויסציִענ זיך פויל...

ס׳איז ביז האלבנ טאָג נאָך זייער ווייַט,
כ׳ליג, איך צי זיך אונ איך בייַט די זייַט...

קיינער שטערט ניט, קיינער ווערט ניט מיר,
קיינער קוקט ניט אינ מייַנ ברייטער טיר.

אונ אפּסנייַ איך זע, איך הער אלצדינג...
אָט דערגייט צו מיר א דינער קלינג.

פונ מייַנ קעשעניע דער קלאנג דערגייט.
ס׳לעבנ דאָרט מאטבייעס זאלבעצווייט.

קליינגעלט רופט זיך איבער אינ דער שטיל.
רופט ארויס בא מיר א נייַ געפיל.

העכטלעכ קינדערשע דערזעט מײַנ בליק,
ס׳קלינגענ וואונדערלעכ צווײ קופער־שטיק.

פונ מײַנ קינדהײַט, פונ א ווײַטער וועלט
קלינגט א וואָרט אנ אומפארשטענדלעכס: „געלט״...

„אָדלער״ נעפלדיק שוועבט נאָכ א וואָרט
אונ צווײקעפיק איז דער אָדלער דאָרט...

בײדע ווערטער זײַנענ בײז אונ שטרענג,
אונ פונ בײדע ווערט מיר אזוי ענג...

צי איכ מיכ פונ קעשעניע ארויס
אײגעס א געלטעלע אונ לײג עס אויס.

איכ באטראכט עס, ווי צום ערשטנ מאָל:
ווי די זאנג אפ דעמ איז גוט געמאָלט!

ווי די ציפערנ געשניטנ קלאָר,
אונ דאָס יאָר איז אזא נאָענט יאָר!

לײג זיכ, געלטעלע, אפ צווײטער זײַט
(„אָדלער״ באָמבלט ווידער פונ דער ווײַט).

אכ, מײַנ טײַערינקס, וואָס זע איכ איצט!
א קלײנ שטערנדל—עס שײַנט, עס בליצט,

זאנגענ אונ א האמער אונ א סערפ
גיב א קוק, ס׳איז אונדזער, אונדזער גערב!

גיב א לײנ נאָר אפ דעמ ברײטנ ראנד
П-ро-ле-т-ар-и-и—всех стр-ан

ליכטיק שײַנט מײַנ געלטעלע אָט דאָ,
וויכטיק ווערט מײַנ „ארבעטלאָזע״ שאָ...

כ׳בינ ניט מיד, איכ בינ ניט אלט, ניט פויל,
כ׳קאָנ זיכ אָנטאָנ אויכ אזא מינ וויל!...

II

נאָכ פײַכט אפ מײַנ פעדער דער טראָפנ פונ טינט,
אונ ווו איז די רעגע? צו גיכ, צו געשווינד...

פארשווונדנ די קינדהײַט, די רו אונ די שטיל,
די ווארעמע ווענט אונ דער הײמישער דיל...

און ס'איז שוין מײַן צימער אָן אָפענע דעק
מיט רוים און מיט רויש אָן אן עק, אָן א ברעג

מיט פלאַמען פון שמעלץ און מיט גאַנג פון געווערק,
מיט מעכטיקן טומל פון פּאָלקישע מערק,

מיט קלאַנג פון געווער, מיט געפּעכט און מיט קריגן
מיט ווייען פון דורכפאַל, מיט יובל פון זיג...

מארץ 1935.

ש. גאָדינער

# בירעבידזשאנצעס

## די שלאכט אפנ בידזשאנ

באם בידזשאנ האָט זיכ דער קאראוואנ אָפּגעשטעלט.

דער בידזשאנ ליגט צעגאָסנ ווײַט אינ דער ברייט. ער ציט זיכ אוועק אפ צענדליקער מײַלנ רעכטס, אפ הונדערטער מײַלנ לינקס. דער עק וועג, וואָס קריכט ארויס פונ דער טײַגא ליגט א דערטרונקענער אינעם בײַברעגיקנ זאמד.

אינעם לויטערנ הויכנ הימל ליגט די זונ עטוואָס אפ א זײַט, ווי זי וואָלט געוואָלט הינטער די ווײַטע בערג א קוק טאָנ מיט איינ אויגל.

די ערד איז באדעקט מיט שמעקעדיקע געוויקסנ.

דער וועג ציט זיכ קימאט די גאנצע צײַט דורכ דער טײַגא. די טײַגאַ שאָרכט שטיל מיט די פּאָכענישנ פונ פאזאנענ־פליגל, מיטנ ווײַטנ גערויש פונ קאָזוליע־געשפּרונג, מיטנ פלאטער פונ בלאט אינ די אוראלטע ביימער, מיטנ שטילנ צווישטשער פונ די פּיצינקע באוועגלעכע ווי די פײַלנ אונ פולינקע, ווי די עפּעלעכ, בירעבידזשאנער שפּערעלעכ.

אפ דער ערשטער פור זיצט אבראשע טשערניאק.

זײַנ קורצער קײַלעכיקער גופ וויגט זיכ אונ הוידעט זיכ אפ די בארגארופּנ אונ בארג־אראָפּנ. זײַנע קליינע גרויע אויגעלעכ, באברילט אינ גרויסע קײַלעכיקע גלעזער, זײַנ פולע נאָז, זײַנ קײַלעכיקער פּאָנים, זײַנ שמייכלענדיקער מויל,—אלצ שטראלט מיט פרייד. די פרייד קײַקלט זיכ הינטער אימ אפ אכט אונ פערציק רעדער—אפ צוועלפ פּאָרפערדיקע קאָלווירטישע פורנ. די פרייד פּליעסקעט זיכ אינ די פיר אונ צוואנציק שווארצע פּעסלעכ נאַפט: ער איז דער, וואָס האָט יאָ ארויסגעריסנ ברענשטאָפ פארנ ראטנווירט, ער איז דער, וואָס וועט ניט לאָזנ שטיינ די מאשינעס אינעם סאמע ברענ פונ שניט אונ אראָפּנעמ.

אפ דער רעכטער זײַט אבראשקעס העננט דער נאהאנ, אפ דער לינקער—דאָס פעלד־בײַטל. אינ נאהאנ ליגנ פארשלאָסנ זיבנ טויטנ—זיבנ קוילנ. אינ פעלד־בײַטל ווארעמענ זיכ עטלעכע פּאפּירלעכ: א קאָמיוג־בילעט, די פאקטור אפנ ברענשטאָפ, א האלב צעריבנ בלאָקנאָטל מיט נאָטיצנ פארנ טאָגבוכ, וואָס ער פירט פונ דעמ ערשטנ טאָג, ווענ ער איז אהער געקומענ, א בריוו מיט א פאָטאָ פונ א מיידל.

פונ פרייד, וואָס אימ איז יאָ געלונגענ צו קריגנ ברענשטאָפ, ווערט שטארק אופגע־רייצט זײַנ מארכ—די מענטשלעכע קאמערא־אָבסקורא. אבראשקע זעט לויט דער ריי נאָכ:

ווי ער שטייט אינ די באגינענס בא די פלאמענ פונ די אָדעסער בעקער־אויוונס;

ווי ער שפּרינגט ארומ א גליקלעכער אינ די הויכע קאָרידאָרנ פונעמ טעכניקומ—דער גרעסטער טרוימ אינ זײַנ לעבנ איז אימ פארווירקלעכט געוואָרנ—ער לערנט זיכ!

ווי א קאָמיוגישער קאָלעקטיוו הויבט אימ אופ איבער זיכ אונ שיקט אימ אוועק קײַנ בירעבירזשאנ;

ווי מע באגלייט אימ ארויס מיט לידער אונ הילכיקנ געלעכטער־געזעגעניש;

ווי דאָס לאנד באגעגנט אימ—א ווילד אונ שוידערלעכ שײנ לאנד, נאָר א שטומס נאָכ אונ א בלינדס;

אונ —

ווי פארכידעשט זײ וועלנ עס זײַנ, ווענ ער וועט זײ נאָכ הײַנט באנאכט ארײַנשלעפּ אינ ראטווירט די פיר אונ צוואנציק פעסער ברענשטאָפּ—„איינמאָל יאָ, געזאָגט—איז געטאָנ!"

אונ פלוצלינג וואקסט גאָר אויס פאר זײַנע אויגנ דער בידזשאנ—א צעגאָסענער א ברייטער, א טיפער, א מעכטיקער אונ שוידערלעכער אינ זײַנ פילוואסערדיקנ שטראָמ, אנ אומגעריכטער שעדיקער אינ דער סאמער הייסער צײַט פונ ברויט־שניט.

— וואָס־זשע האָבנ מיר זיכ דאָ אָפּגעשטעלט?—גיט ער א פרעג בא אלע צוועלפ פור מאנעס מיטאמאָל אונ דערפילט גלײַכ די גאנצע נארישקײַט פונ זײַנ פראגע.

די פורמאנעס לאכנ. זײ הויבנ זיכ צונויפ אינ איינ קליינער קופע. זײ שלעפּנ גוטבררודעריש טאבעק איינער באמ אנדערנ. זײ רויכערנ אונ לאכנ.

אווראאמ סובאָצקי—א פויער הויכ, ווי א צעדער, מיט א גרויסער שווארצ־גרויער באָרד ביז דער ברוסט, וואָס איז אזוי די ברייט, אז מע קאָנ דאָרט א וואָגנ אויסקערעוועג, א געוועזענער סטאראָסטע, וואָס איז אינ דער רעוואָליוציע אנ „אפּיקורעס" געוואָרנ—רויכערט מיט אלעמענ באגלײַכ די מאכאָרקע—אָבער געבליבנ דער זעלבער גרויסער קענער אינ דער ביבל, ווי פריִער, שמײַסט ארויס פונ זײַנ פארוואָקסענעמ מויל צוזאמענ מיטנ רויכ א שטעכיק וויצעלע:

— שפּאַלט דעמ בידזשאנ, אווראאמ, ווי מוישע האָט דעמ יארדנ געשפּאָלטנ... קיינ אנדער אייצע איז ניטאָ...

אבראשע גיט א קוק אפ סובאָצקינ. סובאָצקי קוקט אפ אימ מיט א רויִקנ אונ פײַנטלעכנ כויזעק אינ די אויגנ. ער ווארט אפ אנ ענטפער אפ זײַנ שטעכיקנ וויצ. אבראשע קוקט אפנ בידזשאנ. דער טײַכ פליסט זיכ זײַנ שטראָמ. די פורמאנעס שטייענ אונ ווארטנ, ווי פריִער וואָלט זײ ניט באוווּסט געווענ, אז דעמ בידזשאנ וועט מענ אזוי צופוס ניט קאָנענ אריבער. אבראשקע איז גרייט צו שינדנ פונ זיכ די הויט אונ נייענ דערפונ א פּאָנטאָנ־בריק. אויב ווארטנ ביז דער קאטיער וועט ברענגענ אהער די בארזשע אונ ביז וואָנענ מע וועט אָנלאָדנ אונ ביז וואנענ מענ וועט אויסלאָדנ אונ ביז מע וועט אריבערטראנספּאָרטירנ דאָס ביסל ברענשטאָפּ אריבערנ טײַכ וועט אוועק א טאָג מיט א נאכט אונ עפּשער מער אונ עס וועט דערווײַל אויסרינענ די פרייד פונ ברענגענ ברענשטאָפּ צו דער צײַט, די פרייד פונ „איינמאָל יאָ,—געזאָגט—איז געטאָנ!"

... „צו וואָס זשע טויגסטו, אבראשקע, אויב דו האָסט פריִער ניט אויסגערעכנט, אז דעמ בידזשאנ קאָנ מענ צופוס ניט אריבער, אויב דו האָסט זיכ מיט א קאטיער צו דער צײַט ניט באזאָרגט, אויב דו ביסט געבליבנ זיצנ אפנ ברעג ווארטנ אפ דער בארזשע?"

מענטשנ זײַנענ פאראנ. פערד זײַנענ פאראנ. ברענשטאָפּ איז פאראנ. אונ דער טײַכ האָט זיכ געלייגט פּאָפּערעק אינ וועג.

... „איינמאָל ניינ! ניטאָ וואָס צו וואַרטנ!"

אַבראַשקע שמייכלט.

— פאַנאַסיוק!—גיט ער אַ זאָג צומ ערשטנ בעסטנ פורמאַנ.—כיבאַ איז דאָס אַנ אַרבעט צו שטיינ אונ וואַרטנ ביז דער בידזשאַנ וועט אויסטריקענענ, אָדער ביז מע וועט דאָ אַ בריק אויסבויענ? שפּאַנ אויס די פערד! מירנ עפּעס טאָנ! איינמאָל יאָ! געזאָגט איז געטאָנ!

נאָר פאַנאַסיוק אײַלט זיכ ניט אונ אַבראַשקע שטייט אונ וואַרט. ער טראַכט אַ ווײַלע. וועגנ וואָס ער טראַכט איז אימ שווער צו כאַפּנ, ווײַל אימ דוכט זיכ, אַז ער טראַכט גאָרניט, ווײַל עס איז ניטאָ וועגנ וואָס צו טראַכטנ: מע דאַרפ אונ מוז אַריבערוואַרפנ דעמ טראַנספּאָרט אַריבערנ טײַכ.

נאָר ווענ עס וואָלט געווענ אינ דער געהעריקער מינוט דער ניט געפונדענער נאָכ אַפּאַראַט אַפ צו פאָטאָגראַפירנ די איבערגרופּירונגענ אינ מענטשלעכנ מאַרכ אינ אַ שאַפינג־מאָמענט, וואָלט זיכ באַקומענ אַ גאַנצ קאָמפּליצירט בילד. אַפנ בילד וואָלט זיכ געלאָזט זענ:

אַ גרויס ברייט וואַסער מיט אַ היפּשנ שטראָמ;

צוועלפ פויערימ, גאַנצ פוילע, גאַנצ פּאַסיווע אונ גלײַכגילטיקע צומ ראַטנווירט, צומ שניט, צו אַלצ, וואָס פאַרמערט ניט, לויט זייער איבערצײַגונג, אַפ קיינ איינ קערנדל זייער האָב אונ גוטס;

צוועלפ פּאָר פערד, צוועלפ וועגענער, פיר אונ צוואַנציק פּעסלעכ ברענשטאָפּ;

אַ יאַט, אַבראַשע טשערניאַק, אַ געוועזענער אָדעסער בעקער, אַ קאָמיוגיסט, אַ קײַלעכיקער, אַ קורצער, מיט אַ פּאָנימ, ווי אַ פולע לעוואָנע, מיט אַ נאַהאַנ אַפ איינ זײַט אונ מיט אַ ליבע־בריוו פונ אַ מיידל אינ פּעלצ־טאַש אַפ דער צווייטער זײַט.

דער יאַט שטייט אונ קוקט אַפנ בידזשאַנ, ווי אַפ אַ „קלייניקײַט", וואָס אויב דו וועסט עס בײַקומענ, קומט דיר ניט קיינ אָרדענ דערפאַר, נאָר אויב ניט—אויב וואַרטנ אַפ דער באַרושע אָנדערהאַלבנ מעסלעס, ביסטו ניט ווערט דעמ קאָמיוגישנ בילעט, ביסטו ניט ווערט דעמ ליבע־בריוו פונעמ מיידל, וווּ זי שרײַבט קורצ אונ דײַטלעכ:

„אַבראַשקע, אַז איכ דערמאָנ זיכ אָנ דיר אַמאָל, ווענ איכ זיצ באַמ רודער, הערט דער מאָטאָר אופ קאַכוקענ, איכ גיב פולנ גאַז אונ אַפ די פּעדאַלנ שפּיל איכ פידל. איכ בינ אַפ דער היגער ערד אַנ אייגענע, ווי באַ זיכ אינדערהיימ, ווײַל מיר דוכט זיכ, אַז קיינ שענערער לעבנ פאַר אונדזערנ איז גאָר אַפ דער וועלט ניטאָ. דאָס שרײַב איכ דיר ניט דערופ, אַז דו זאָלסט זיכ איבערנעמענ דערמיט, נאָר קעדיי דו זאָלסט אַ טאַפּ טאָנ באַ זיכ אינ דער נעשאָמע: אויב דו האָסט ניט פונקט אַזעלכע געפילנ צו מיר, איז ניטאָ וואָס צו פּאַטשקענ זיכ מיט מיר..."

דעמ יאַט ווילט זיכ איצטער אַרויסנעמענ פונ טאַש דעמ בריוו אונ איבערלייענענ אימ נאָכאַמאָל, נאָר ער גיט אַ טראַכט, אַז אויב וואַרטנ אַפ אַ קאַטיער מיט אַ באַרושע איז טאַקע ניטאָ וואָס צו פּאַטשקענ זיכ מיטנ קאָמיוג, מיט שלאָגלערײַ, מיט פּלאַפּלערײַ וועגנ אויסבויענ אַ סאָציאַליסטישנ בירעבידזשאַנ—עס וועט גאָרניט זײַנ אונ ער וועט ניט ווערט זײַנ צו טראָגנ דעמ נאָמענ אַרבעטער.

... „וואַרטנ אַפ אַ קאַטיער קאָנ אַ יעדער איינער נאַר אונ פּוליאַק אינ אַלע עפּאָכעס!"

— פאַנאַסיוק, פאַרוואָס שפּאַנסטו ניט אויס?

פאנאסיוק וויל ניט אויסשפאנענ. ער פארשטייט ניט צו וואָס מע באדארפ עס.

אבראשקע דינגט זיכ ניט. אלע איבערגרופּירונגענ אינ מארכ זייַנענ שוינ פאָרגעקומענ. איצט טראכט ער שוינ מער ווירקלעכ ניט. ער שפאנט אלײנ אויס. פאנאסיוק שטייט פונ דערווייַטנ אונ קוקט. ער וואַרט אפנ ערשטנ טאָעס אינ דער אויסשפאנונג. ווי נאָר אבראשקע מאכט דעמ ערשטנ טאָעס, גיט ער א גיי צו צו אימ אונ גיט אימ א שמייַס אוועק פונ פערד. ניטאָ וואָס צו קריכנ צו אנ ארבעט וואָס דו ווייסט ניט, ווי מענ הויבט זי אָנ.

נאָר אבראשקע האָט נאָכ קיינ טאָעס ניט געמאכט אונ פאנאסיוק שטייט אונ קוקט.

ווענ פאנאסיוקס פערד זייַנענ אויסגעשפאנט, וואַרפט אבראשקע אראָפּ פונ זיכ די הויזנ, דאָס העמדל מיט דער גאנצער אמוניציע. א ווייַסער, א פולבלעכער, אינ איינע טרוסנ, גיט ער א כאפּ דאָס פערד פאר דער גריווע, גיט זיכ א וואַלגער אפ זייַנ רוקנ אונ רייַט אוועק צומ טייַכ.

— וווהינ!—גיט זיכ א יאָג נאָכ אימ פאנאסיוק.—דאָ זייַנענ וואסער־ווירבלענ!

— איכ קאָנ זיי, די היגע וואסער־ווירבלענ!—גיט אבראשקע פריילעכ א וווּנק צו פאַנאסיוקנ, גיט א פאָכ מיט דער רעכטער האנט איבערנ פערדס אויערנ אונ טרייַבט אימ אריינ אינ וואסער אריינ.

דאָס פערד גיט זיכ א ריס, דערפילט דעמ וואסער אונטערנ בויכ, שטעלט זיכ אָפּ. אבראשקע גיט ווידער א פאָכ מיט דער האנט איבער זייַנע אויערנ. דאָס פערד גיט זיכ ווידעראמאָל א ריס, הויבט אופ דעמ קאָפּ, ציט אויס די פלאסטערנדיקע אויערנ אונ שווימט אוועק. דאָס צווייטע פערד שווימט נאָכ פונ הינטנ. קווער דעמ שטראָמ פונעמ ברייטנ אונ טיפנ בידזשאנ שנייַדט זיכ אויס אפ א ווייַלע א צווייטער שטרעמל—פונ די צוויי שווימענדיקע פערד.

פאנאסיוק קוקט.

— די פויערימ שטייענ הינטער פאנאסיוקנ אונ קוקנ נאָכ.

דער ברוינ־ווייַסער פלעק אפנ טייַכ ווערט אלצ קלענער אונ קלענער.

אפנ ברעג, אפנ סאמע רעכטנ פלאנג שטייט אווראאמ סובאָצקי. ער רויכערט זייַנ ציגאַר מיט דער האנאָע פונ א מענטשנ, וואָס האָט אָנגעהויבנ שפּעט זינדיקנ. ער קוקט מיט זייַנע פארוואָקסענע שמאָלע אויגלעכ פונ שטאָל־קאָליר אפנ שטראָמענדיקנ שפּיגל פונ בידזשאנ. ער דרייט מיט דער גרויסער באָרד אונ טראכט פאר זיכ: „ניינ, דער זשידאָקל וועט זיכ פונ בידזשאנ ניט לאָזנ... ער קערעוועט ריכטיק... אָט האָבנ מיר עס א נאריש־קייַט אָפּגעטאָנ... ארייַנגעלאָזט אהער די דאָזיקע מענטשנ—געמיינט, זיי וועלנ סייַווי גאָר־ניט מאכנ, אונ איצט... זיי קערנ דאָ וועלטנ...

דערנעבנ שטייט וואסילקאָ—א קליינ, דאַר פויערל מיט א געלער נאקעטער צורע—ניט אזוי געגאָלט, ווי אויסגעקראָכנ איז בא אימ די באָרד. זייַנ געלזיכטיקער אייַנגעפאלענער פּאָנימ איז פול מיט מאָרעשכוירע. זייַנע גרויסע וואסערדיקע אויגלעכ פינטלענ. ער זעט שוינ ניט דעמ שווימענדיקנ רייַטער, אָבער ער איז פול מיט פּייַנ: אָט וועט זיכ דער קאָמוניסט באלד באוווייַזנ אפנ צווייטנ ברעג, א הויב טאָנ א האנט אונ א רופ טאָנ זיי אלע זיכ זעצנ אפ די פערד אונ אריבערשווימענ דעמ טייַכ. וואסילקאָ וויל ניט שווימענ. ער האָט מוירע פאר א פארקילונג, ווי אלע שוואכע אונ קראנקע וויל ער אייביק לעבנ.

דער נאקעטער רייַטער שווימט. א קליינ העל פינטעלע, ווי א זונענפלעק, איז פונ אימ געבליבנ אפנ וואסער, קוימ וואָס מענ זעט עס, אָבער מענ זעט: דאָס פינטעלע האלט זיכ אפנ אויבערפלאכ אונ באוועגט זיכ פאָרויס.

די פורמאנעס קוקנ.

דער דריטער אינ דער ריי קוקער שטייט מיטרי פאציוק. דאָס איז א יונגער יאט פונ א יאָר פינעפ אונ צוואנציק. אויכ אנ איבערוואנדערער. ער האָט דאָ געדינט אינ דער ארמיי אונ איז דאָ געבליבנ. עס איז אימ אויכ דאָס לאנד געפעלנ געוואָרנ. דאָס איז א ווילער יאט, נאָר דאָס פאריסענע נעזל, די פולע ליפנ, די קליינע אפנ פּאָנימ—אלצ שוויצט. פונ פארדרוס אונ פונ מיטארבעט. ער שטייט אונ ניט ער קוקט, נאָר ער מאכט מיט דעמ וועג איבערנ וואסער מיטנ נאקעטנ ריַיטער. אימ פארדריסט שוינ, וואָס ניט ער האָט דער ערשטער זיכ געלאָזט איבערנ טײַכ שווימענ. אזא פארדרוס! ווידער דורכגעלאָזט א מעגלעכקייט עפעס העלדישעס באווײַזנ. אינ דער ארמיי האָט מענ אימ אויכ אלע גוטע זאכנ אויסגעכאפט: געשאָסנ גוט האָט זײַנ שאָכנ פונ דער רעכטער זײַט, געשפרונגענ לײַכט איבער דער „קאָבילע" האָט זײַנ שאָכנ פונ דער לינקער זײַט, אפ די פאָליטשלאכטנ פלעגט ער פלוצלינג פארלירנ דאָס לאָשנ אונ אזוי האָט ער אָפגעדינט אָנ אויסצייכענונג—א פּאָשעטער, האָרעפּאשנער, גוטער ארמייער, נאָר א שוויצער אביסל.

די ווײַטערדיקע אינ דער ריי קוקערס זײַנענ וואסילי, איוואנ, פיאָדער, די טרעגובס—ברידער—איינער אינ איינעמ, ווי די סאָסנעס, מיט די טונקעלע טשופּרינעס, מיט די שווארצע אויגנ, מיט די ברייטע הענט, מיט די פּאָשעטע, אָפענע אונ פריילעכע פּענימער.

דאָס ווײַסע פינטל אפנ טײַכ ווערט אלצ קלענער אונ קלענער.

די פורמאנעס קוקנ.

אנדריי קיזיאק—א קליינטשיקער זשוואווער פויערל מיט א שפּיציק בערדל אונ מיט א פּאָר נאָדל־שפּיזלעכ אינ די גרינע אויגנ כאפּט זיכ פלוצלינג פארנ פאסעק. ער גיט אימ א שפּיליע אָפּ אונ לויפט אוועק א פריילעכער צו די נידעריקע קוסטעס, ווײַטלעכ פונ ברעג.

ווענ ער קומט צוריק שטייט שוינ דער נאקעטער רײַטער אפ יענער זײַט ברעג. ער פּאָכט מיט די הענט. די פערד טרייסלענ פונ זיכ דעמ וואסער.

— וואָס זשע שטייענ מיר?—גיט קיזיאק פלוצלינג א זאָג.—מע קאָנ אריבער—דארפ מענ אריבער!—אונ ער בינדט זיכ דעמ פאסעק אפ די הויזנ, שפּײַט אינ די הויפנס אונ נעמט זיכ אויסשפּאנענ זײַנע פערד.

די איבעריקע טוענ אימ נאָכ. קיינ גרויסנ כיישעק צו דער ארבעט האָט קיינער ניט פונ זיי. אנ ארבעט שטייט פּאָר א שווערע אונ קלאָפּאָטנע. נאָר קיזיאק טרײַבט אונטער.

דער נאקעטער רײַטער פּאקט אפנ צווייטנ ברעג עפּעס א פארוואָרפנ שיפל. ער גיט א יאָג די נאסע פערד איבערנ ברעג, זעצט זיכ ארײַנ אינ שיפל אונ שווימט אוועק צומ קאראוואנ.

די זונ שטייט הויכ אינ הימל. דער בידזשאנ דרייט אבראשעס שיפל. די נאסע פערד שפּאצירנ ארומ אפ יענער זײַט טײַכ. דער שטראָמ אינ מיטנ טײַכ איז א שטארקער. דער געוועזענער בעקער לאָזט זיכ ניט. ער ווארפט זיכ מיט דער ברעט אינ דער האנט אפ רעכטס אונ אפ לינקס, לאָזט דאָס שיפל ניט פארדרייענ זיכ, שטופּט אימ צומ צווייטנ ברעג מיטנ קירצסטנ וועג.

ווענ ער קומט צו צומ ברעג געפינט ער דאָרט די קימאט פארלאָרענע פרייד: די פורמאנעס שפּאנענ אויס די פערד אונ איצט איז שוינ קלאָר, [אז דער ברענשטאָפ וועט אָט באלד אריבערגעוואָרפנ ווערנ אריבערנ וואסער.

פאראנ פערד, וואָס האָבנ מוירע פארנ וואסער. אבראשע בינדט זיי צו צומ שיפל. זיי שווימענ נאָכ נאָכנ שיפל, ווי די געשטראָפטע, מיט די אויסגעצויגענע מאָרדעס איבער

וואסער, מיט די פלאטערנדיקע אויערנ און מיטנ שטומנ שרעק אונ האנאָע אינ די פּיאַלעטעווע פארגליווערטע אויגנ.

פאראנ צווישנ די פורמאנעס מענטשנ, וואָס לאָזנ זידנ אינ די הערצער זייערע האס אונ צאָרנ קעגנ אבראשקענ, וואָס שלעפּט נאָכ זיכ, ראַיסט מיט, איַילט אונ צווינגט זיכ איַילנ, אונ אלצ מיטנ שמייכעלע, אונ אלצ מיטנ אייגענעמ קריכנ אינ פייער דער ערשטער, אז מע זאָל אימ מוזנ נאָכטאָנ, אז עס זאָל זייַנ א כארפּע צו בלייַבנ הינטערשטעליק פורנעמ יידל,—אונ זיי טוענ נאָכ—ווי די פערד, נאָר מיט סינע אינ הארצנ.

פאראנ איינ מענטשל—אנדריי קיזיאק—וואָס ברענט אומגעריכט אינ דער ארבעט, שרייַט, טומלט, טרייַבט אונטער זייַנע שכיינים, יאָגט היצ אונ שאפּט עפּעס א פריילעכע בעהאָלע.

אנדריי קיזיאק צענעמט די וועגענער אונ ווארפּט זיי מיט די רעדער ארופּ אינ שיפל ארייַנ.

אנדריי קיזיאק כאפּט מיט זיכ א פּאָר פורמאנעס אונ שיפּט זיכ פלינק אונ גליקלעכ אריבערנ וואסער אריבער.

אנדריי קיזיאק קאָמאנדעוועט, ער לאָזט די פּעסלעכ אינ שיפל ארייַנ. צו פיר פּאס. זעקס רייסנ מאכט ער הינ אונ צוריק. אלע פּעסער פירט ער אריבער.

אבראשקע טשערניאק, אינ איינע טרוסנ, א פולבלעכער, א ווייַסער, מיט די קאָמישע אינ דער מינוט קייַלעכיקע ברילנ אפּ דער נאָז קאָנ זיכ ניט אָנקוקנ אפּ אימ, אפּ זייַנ ערשטנ באהעלפער אינ אָט דעמ שטיקל ארבעט—אפּ אנדריי קיזיאקנ, וואָס איז אומעטומ, אינ אלע איבעריקע צייַטנ, דער ערשטער פּוליאַק.

די זונ רוקט זיכ אראָפּ, אָבער נאָכ אלצ אפּ א זייַט. איצט קאָנ זיכ דוכטנ, אז זי קוקט זיכ צו שטארק צו צו דער הייסער ארבעט, וואָס גייט אפּנ טייַכ בידזשאנ: דאָס שיפל גליטשט זיכ מאיעסטעטיש אינ דער ברייט פונ שטראָמ, די שינעס פונ די איבערגעקערטע רעדער שייַנענ אפּ דער זונ, די צוגעבונדענע צומ שיפל פערד שווימענ נאָכ, ווי די פּארמישפּעטע, מיט די מאָרדעס פּאריסנ אריבערנ וואסער, מיט די פלאטערנדיקע אויערנ אונ מיט די פארגליווערטע בליקנ אינ די גרויסע, פּיאָלעטעווע אויגנ; די פורמאנעס טומלענ; מער פונ אלעמענ טומלט קיזיאק; פּאציוק פרייט זיכ—ווי־ניט־ווי—א בערייעשקייַט איז עס אונ ער איז דאָ אינמיטנ—אונ אבראשקענ פארווילט זיכ אינ מיטנ טייַכ, אז זייַנ עסטער זאָל דאָ זייַנ אונ א קוק טאָנ אפּ אימ, אפּ די פורמאנעס, אפּ די פערד, אפּנ שיפל אונ א טאפּ טאָנ זייַנ נעשאָמע אונ דערפירנ: אָט געדענקט ער וועגנ איר אונ פרייט זיכ דערמיט...

ווענ דער גאנצער טראנספּאָרט איז אפּנ צווייטנ ברעג, ווילט זיכ אבראשקענ טאנצנ. ערשט איצט, ווענ די פּעסער ברענגשטאָפּ ליגנ ווי די שווארצע אָקסנ אפּנ זאמד, ווענ די צענומענע וועגענער ליגנ צעשלייַדערט, ווי די לאפּעטנ פונ הארמאטנ נאָכ א שלאכט, ווענ די פערד טרייסלענ מיט די פּעלג אונ די פורמאנעס פּאָרענ זיכ, שלעפּנ די פערעדקעס אונ קלינגענ מיט די שוואָרענס,—ערשט איצט דוכט זיכ אויס דעמ געוועזענעמ אָדעסער בעקער, אז אָפּגעטאָנ געוואָרנ איז אפּנ בידזשאנ אנ אומעגלעכע שטיקל ארבעט, א גרויסע זאכ!

אימ ווילט זיכ מיט עפּעס אויסשרייַענ זייַנ גרויסע פרייד אונ ער גיט א פריילעכנ הוקע צו סובאָצקינ:

— אווראאמ! איכ גיכ דיר צענ מוישעס אפּנ יארדנ פאר איינ אנדריי קיזיאקנ אפּנ בידזשאנ! אָט דאָס איז אנ ארבעטער! איינמאָל יאָ! געזאָגט איז געטאָנ!

נאָר קיזיאַק, פֿאַנשטאָט זיך אומקוקן אַף אַבראַשקען, אַ שמייכל טאָן צו אים, שרײַט גאָר פּלוצלינג אויס, גיט אַ הויב די הענט אין דער לופֿטן און בלײַבט ליגן אין מיטן טײַך, גיט זיך אַ פּליעסקע, גיט נאָך אַ געשריי און שווימט אַוועק צום ברעג.

איידער מען כאַפּט זיך, וואָס דאָ איז געשען, איז שוין דאָס שיפֿל ווײַט.

דער שטראָם טראָגט עס האַסטיק אַראָפּ־אַראָפּ. דער שטראָם שלעפּט עס אַרײַן אין אַ וואַסערווירבל, דרייט עס, קערט עס שיר ניט איבער און שלעפּט עס ווײַטער, אַראָפּ־אַראָפּ.

אַבראַשקע טשערניאַק שטייט אַ נאַקעטער אַפֿן ברעג.

די נאַסע טרוסן זײַנען צוגעקלעפּט צום לײַב.

אים ווערט טונקל אין די אויגן. ער וויל אויסווישן די ברילן און האָט ניט מיט וואָס.

אַ געלעכטער כאַפּט אים אָן.

ערשט איצט דערמאָנט ער זיך, אַז אַף יענער זײַט ברעג איז געבליבן זײַן אָנטועכץ, זײַן נאַהאַן מיט די זיבן טויטן אין די נעסטן, זײַן פֿעלד־טאַש מיט דער פֿאַקטור, מיטן קאָמיוג־בילעט, מיטן בלאָקנאָטל, מיטן ליבע־בריוו און פּאָטאָ פֿון זײַן געליבטער מיידל.

„... איז עס אַפֿן ברעג געבליבן, אָדער קיזיאַק האָט עס אומישנע אין שיפֿל איבערגעלאָזט און דאָס שיפֿל מיט שטראָם אַוועקגעשיקט?"

„... וואָס זשע פֿאַר אַן אַרבעטער ביסטו, אַבראַשקע, אַז דו באַגייסט זיך אַזוי נאַכלעסיק מיט געווער און מיט דאָקומענטן און מיט ליבע־בריוו פֿון דײַן נאָענטסטן מענטשן? איינמאָל ניין! דו ביסט נאָרניט ניט ווערט, אַבראַשקע! דו ווייסט וואָס באַטײַט דער נאָמען אַרבעטער, אין אונדזער צײַט בײַ אונדז אַף דער וועלט, אַף דער גליקלעכסטער פּלאַנעטע אונדזערער? וועלטן קערט ער איבער, דער מענטש, וואָס טראָגט דעם דאָזיקן נאָמען—אַרבעטער!—און דו האָסט אַזאַ קלייניקײַט ניט געקאָנט אָפּטאָן אָן אַ מיִעסן און נאַרישן, לעכערלעכן דורכפֿאַל! עך, דו!.."

דער בידזשאַן ליגט ברייט אויסגעצויגן. דער שטראָם איז שטאַרק. דאָס שיפֿל הוידעט זיך שוין ווײַט־ווײַט, קוים וואָס מע זעט עס! די זון ליגט אַף אַ זײַטעלע, עס זעט זיך אָן, אַז זי כוויזעקט איצט פֿונעם געוועזענעם אָדעסער בעקער.

„סוקיני סיני!"—טראַכט אַבראַשע און שמייכלט צום ברייטן וואַסער.

ער מאַכט זיך דערווײַל ניט וויסנדיק פֿון דער גאַנצער געשיכטע און גיט זיך אַ שטעל אַנטקעגן די פֿורמאַנעס:

— נו וואָס האָט איר אויסגעסאָלאָפּעט די אויגן אַף מיר? די שווערסטע שטיקל אַרבעט אָפּגעטאָן! קלײַבט צונויף די ווּעגענער און שפּאַנט אײַן די פֿערד! געזאָגט איז געטאָן! איינמאָל יאָ!—און ער גייט אַוועק צום וואַסער.

„סוקיני סיני!"—טראַכט ער און לייגט ברייטע קלאַפּטער אַפֿן בידזשאַן.—„ניט דעם יאַט האָט איר געפּאַקט!"

די פֿורמאַנעס קוקן אַף אַבראַשקען.

„... פֿון וואַנען נעמט זיך אַזאַ קויעך צו אָט דעם פּולבלעכן ווײַסלײַביקן יאַטל?"

אַנדריי קיזיאַק שטייט אַ פֿריילעך צעמישטער. ער קוקט כניפּעדיק און בעטלעריש די איבעריקע פֿורמאַנעס אין די פּענימער אַרײַן: פֿאַרשטייען זיי אָדער זיי פֿאַרשטייען ניט, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן?

דער באַברילטער שווימער אַפֿן בידזשאַן ווערט אַלץ קלענער און קלענער.

אָבער ווען אַבראַשקע שפּרינגט אַרויס אַפֿן צווייטן ברעג גיבן זיך די פֿורמאַנעס צו־

ריק א וואָרפ צו די וועגענער. אנדריי באקומט ווידער היצ און טומלט, מײַסטרעוועט, שרײַט, יאָגט אונטער די איבעריקע.

„אהינ—ווי אהינ!“—טראכט ער מיט סינע.—„לאָמיר קאָרשט זענ, ווי ער וועט קומענ צוריק!“

אבראשקע פארהאלט זיכ אפנ ברעג.

פאראנ א מינוט, ווענ ער איז פארצווייפלט: ניטאָ די זאכנ. ער לויפט ארומ איבערנ ברעג. אנ אומרו, ווי א קאלטער ווינט, כאפט ארומ זײַנ לײַב און געמיט. די קוסטעס שטייענ אומשולדיקע. דער זאמד ליגט א ווארעמער. און די זאכנ זײַנענ ניטאָ. ער גיט א קוק צו די פויערימ אפנ צווייטנ ברעג. זיי ארבעטנ:

„סוקיני סיני!“—טראכט ער און שארט פײַנטלעכ דעמ זאמד צווישנ די קוסטעס. ער געדענקט אליינ ניט ווו ער האָט זיכ אויסגעטאָנ, אָבער ער געדענקט, אז די זאכנ האָט קיינער ניט גערירט און זיי מוזנ דאָ זײַנ.—„אכ, הינטישע זינ! עמיצער האָט עס געמוזט אומישנע באהאלטנ און איכ מוז עס געפינענ!“

די זוכעניש געדויערט א היפשע ווײַלע.

ער גיט ווידעראמאָל א קוק אפנ צווייטנ ברעג. אלע וועגענער זײַנענ שוינ צונויפגעלייגט, אלע פעסער אָנגעלאָדנ, אלע פערד אײַנגעשפאנט, אלצ איז פארטיק און אָט פארהאלט ער אליינ דעמ טראנספאָרט. אווראאמ סובאָצקי פאָכט צו אימ פונ יענער זײַט ברעג מיט זײַנ לאנגער האנט, ער רופט אימ אריבערשווימענ דעמ טײַכ, ניט באלאמושענ. אבראשקענ דוכט זיכ אויס, אז סובאָצקי ווײַזט אימ אפ דער זונ און לאכט אימ אויס.

„עכ, דו! ארבעטער הילצערנער!“—טראכט ער ביטער וועגנ זיכ אליינ.

נאָר איידער די גוטע לוינע טוט זיכ פונ אימ אָפ און איידער ער ווערט בייז געפינט ער פלוצלינג די זאכנ האלב פארגראָבנ אינ זאמד צווישנ די קוסטעס.

ווענ ער שווימט צוריק מיט די זאכנ—די הויזנ און העמדל פארבונדנ אריבער קאָפ, דער נאהאנ מיטנ פעלד־מאש אינ דער רעכטער האנט הויכ איבערנ וואסער—דערפילט ער פלוצלינג, אז ער ווערט שרעקלעכ בייז און פונ בייזקײַט—אָפגעשוואכט—אינ סאמע מיטנ טײַכ. ער קערט זיכ ווי עס ניט איז איבער אפ דער פלייצע. די זונ קוקט אפ אימ מיט א קרומ אויגל פונ מײַרעוו. דער שטראָמ שלעפט אימ וואסער־אראָפ, צו די ווירבלענ. דאָס הארצ הויבט אָנ קלאפנ האסטיקער—די היצנ בא די אָדעסער פלאמענדיקע אויוונס האָבנ אסאכ קויכעס פונ אימ אָפגעזויגנ—ער פארמאכט, ניט ווילנדיק, די אויגנ און סטארעט זיכ בארויִקנ: „נאָר ניט לאָזנ זיכ! נאָר ניט לאָזנ זיכ!“—האקט אימ אינ די שלייפנ און די גאנצע וועלט הויבט אָנ פארשווינדנ און צערונענ ווערנ.

די פורמאנעס אפנ ברעג האָבנ שוינ ווידער ניט וואָס צו טאָנ. זיי רויכערנ און קוקנ אפנ טײַכ.

„ניינ, טראכט אווראאמ סובאָצקי,—דער זשידאָקל וועט אומקומענ... עס וועט גאָרניט ארויסקומענ בא זיי... זאָלנ זיי זיכ דאָ אזוי אויסמאָרדעווענ אײַנציקווײַס... די בעסטע זאכ... ניט געדארפט קריכנ אהער...“

איינער פונ די דרײַ ברידער טרעגוב—דער ייִנגסטער—גיט א שטעל א טראָט צומ ברעג, די עלטערע צוויי כאפנ אימ אָנ בא די הענט, לאָזנ ניט.

— דו, העלד!.. דאָס לעבנ איז דיר נימעס געוואָרנ!..

אווראאמ סובאָצקי גיט א זאָג פילדײַטיק:

— לאָז אימ, פעדיע, שטער אימ ניט אינ גאנײדנ קומענ...

מיטרי פּאַצוק קוקט מיט אופגעריסענע אויגנ. ער זעט: אבראשקעס גופ זינקט. א האַלבער קאָפּ איז שוינ אינ וואסער. די אופגעהויבענע האנט מיטנ נאַהאַנ אונ פעלד־טאַש ראַנגלט זיכ מיטנ כוואַליעס. אָט זינקט עס אויכ. פּאַציוקנ גיט א מעשוגענער געפיל א ריס באַמ הארצנ. פאַר פּאַציוקס אויגנ גיט פּלוצלינג א שייַנ אנ אוילאַם. דער אוילעמ קוקט אפ אימ, אפ פּאַציוקנ. דער אוילעמ פּאַטשט אימ בראַוואָ. דער אוילעמ שרייַט: פּאַציוק איז א העלד! א העלד! הוראַ פּאַציוקנ דעמ העלד!

ער באַמערקט ניט, ווי ער רייַסט אראָפּ פונ זיכ דאָס ציצענע העמדל, די קאָרטענע הויזנ. ער לויפט צומ וואסער. ער לייגט ברייטע קלאַפּטער אונ טוקט דעמ פּאָנימ אינ וואסער.

ווענ ער איז שוינ קימאַט אינ מיטנ טייַכ — דריַי קלאַפּטער פונעמ זינקנדיקנ אבראשקען, גיט עפּעס שווער א פּליוכע אינ וואסער נעבנ אימ. דאָס וואסער גיט הויכ א שפּריצ. דער געוואָרפענער שטיינ זינקט גיכ.

„ווער האָט עס געוואָרפנ דעמ שטיינ?“ — גיט זיכ פּאַציוקנ א טראַכט אונ ער כאַפּט אָנ אבראשקענ פאַר די האָר.

שוינ קימאַט באַמ ברעג דערפילט אבראשע, ווי ער ליגט אינ טייַכ אפ עפּעס א וואַרעמנ אונ נאַסנ קערפּער. ער עפנט די אויגנ אונ זעט: עמיצער טראָגט אימ אפ זייַנ פּלייצע. אימ דאַכט זיכ, אז דאָס איז קיזיאַקס פּלייצע. ער גיט עפּעס א טראַכט וועגנ דערמאָנינקנ פורמאַנ, אָבער וואָס ער טראַכט איז אימ שווער צו כאַפּנ.

אפנ ברעג דערקאָנט ער פּאַציוקנ.

א בלויער, שטייט ער קוימ אפ די פיס. אבראשע ליגט אפנ ברעג אינ זאַמד. פּאַציוק ייט צו אינ א ווייַלע ארומ צו אימ אונ גיט אימ א שטעל אפ די פיס, ווי א שיקערנ. ער שטייט, ווי א שיקערער. פּאַציוק דערלאַנגט אימ די זאַכנ. אבראשע וואַקלט זיכ. דערנאָכ זעצט ער זיכ פונדעסטוועגנ אנידער אינ בייַבערגיקנ זאַמד אונ טוט זיכ אָנ.

דער קאַראַוואַנ שטייט שוינ אויסגעצויגנ אפנ ברעג.

אבראשקע איז שוינ אָנגעטאָנ.

דער נאַהאַנ הענגט אפ זייַנ אָרט — אפ דער רעכטער זייַט. נאָר די פיס ציטערנ.

דער פעלד־טאַש אפ דער לינקער זייַט, נאָר די הענט טרייסלענ זיכ אונ די ציינ קנאַקנ איינע אָנ די אנדערע.

פּאַציוק זעצט אימ אוועק צו זיכ אפנ וואָגנ. ער קוקט אפ אימ פונ דער זייַט אונ טראַכט:

„איכ וועל שוינ צוליב אימ די גאַס ניט קאָנענ אדורכ אינעמ דאָרפ...“

אונ א שרעק כאַפּט אימ פּלוצלינג אָנ.

ער ציטערט פאַר די פורמאַנעס.

ער האָט זיכ ערשט איצט געכאַפּט, אז ער האָט עס ניט געדאַרפט טאָנ... צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט? אלע זייַנענ געשטאַנענ, האָט ער אויכ געדאַרפט שטיינ... ער וואָלט זיכ סייַווי ארויסגעקראַבקעט פונ טייַכ... אונ איצט... מיט וואָס דאָס קאָנ זיכ נאָכ ענדיקנ...

אונ פּלוצלינג פאַלט אימ איינ, אז אבראשקע איז מעכויעוו אימ באַשיצנ... ער האָט אימ דאָס לעבנ געראַטעוועט...

ער גיט זיכ א בויג צו אבראשקענ:

— אבראַמ ווענִיאַמינאָוויטש... כאַווער באַפּולמעכטיקטער...

אבראשקע גיט זיכ שווער א קליינעמ דריי צו אימ... אימ דוכט זיכ, אז זייַנ לייַב איז מיט בלייַ אָנגעגאָסנ.

מע פאָרט. די זון הויבט זיך אָן ארונטערקײַקלען ערגעץ אונטער די בערג.

דער קורצער געשפרעך האָט פאציוקן קיין רו ניט געבראַכט. ניט אהין האָט ער פארקערעוועט און צו גיך האָט ער זיך אָפּגעהאקט.

פאציוק טראכט א ווײַלע, דערנאָך הויבט ער אָן פונדאָסנײַ:

— אבראַם װעניאַמינאָוויטש... קיזיאַק האָט מיר א שטיין נאָכגעוואָרפן...

און פארהאקט זיך גלײַך. אים דוכט זיך, אז ער האָט די זאך נאָכמער קאַליע געמאכט. ער טראכט א ווײַלע שווער און גיט פלוצלינג א זאָג מיט פרייד:

— נאָר דאָס איז מיסטאָמע פאָשעט א שפּיל געווען...

אבראַשען איז זייער שווער זיך א דריי טאָן. פונדעסטוועגן שטרענגט ער זיך אָן און טוט עס. ער גיט אָפּגעשוואכט א פרעג בא פאציוקן:

— פון וואַנען ווייסטו עס?

פון דער פראגע פארלירט זיך שוין פאציוק אינגאנצן. ער האָט א ריזיקן אגמאסנעפעש פון דער גאנצער פאסירונג. פון אגמאסנעפעש שלאָגט ער שטארק די פערד. די פערד לויפן אײַליקער. דער וועג צום ראַטנווירט ווערט קירצער.

די זון האָט זיך שוין אינגאנצן ארונטערגעקײַקלט ערגעץ ווײַט אונטער די בערג. דער בידזשאַן פארשווינדט פון אויג, ווי א כאָלעם. אבראַשען דוכט זיך, אז ער האָט שוין געכאפּט די גאנצע שפּיל, וואָס איז הײַנט פארלאָפן אפן וואסער. נאָר אין דערזעלבער צײַט דוכט זיך אים, אז ער שלאָפט אײַן. אים שלעפערט זייער שטארק; ער איז פארמאטערט און וויל טאָןביידע זאכן מיטאמאָל: אים ווילט זיך ארויפשפּרינגען פון וואָגן, צולויפן צו קיזיאַקן, צענעריקן אים אָדער ארעסטירן. אים ווילט זיך אָבער אויך אויסציִען זיך בא דער זײַט פון די פולע שווארצע פעסער און אײַנשלאָפן. אפ צו פארטרײַבן ביידע פארלאנגען גיט ער א טאָרקע פאציוקן:

— טרײַב אונטער... גענוג צײַט געפאטערט אפן טײַך...

דער קאראוואַן גייט אוועק שנעלער. איבערן קליינעם אָבאָז אפן וועג גייט אוף דער שארפער קרומער מעסער—דער יונגער מוילעד.

פאר אבראַשעס אויגן גיט ווידעראמאָל א שווינדל דער בידזשאַן, דאָס שיפל, אן אָנגעלאָדנס מיט די פעסער און מיט ווענעבער מיט די רעדער ארוף, די שווימענדיקע פערד מיט די אויסגעצויגענע מאָרדעס, פאציוק, וואָס טראָגט אים איבערן טײַך אפ דער פלייצע, אנדריי קיזיאַק מיט א שטיין אין האנט.

אנדריי קיזיאַקן מיטן שטיין אין דער האנט פארהאלט ער פאר די אויגן א ווײַלע לענגער. אזוי לאנג, ווי עס לאָזט זיך אים נאָר.

„אי, שלאנג!—טראכט ער שווער.—דאָס איז טאקע דײַן ארבעט... דײַן ארבעט...“

און עפּעס א מאָדנע היציקע פרייד כאפּט אים ארום דערפון, וואָס ער איז פון טײַך ארויס, וואָס ער האָט דעם סוינע בא דער האנט געפאקט.

און פון פרייד, וואָס ער האָט געפאקט דעם סוינע בא דער האנט, דוכט זיך אים, אז ער איז ווידער פול מיט גרויסן קויעך און אָט כאפּט ער ארויס די לייצן פון פאציוקס הענט און אָט גיט ער זיך א שטעל אפ די קאָזלעס און שרײַט:

— היי, איר! א רועך אין אײַערע פוילע ביינער ארײַן! ניט אָפּגעשטאנען! טרײַב! די לעוואָנע איז שוין אפ א ראַזוועדקע ארויס! די פריילעכע וועטשערע ווארט אפ אונדז! היי־יאָ!.. אנדריושקא!.. דו וועסט באקומען א באַזונדער געריכט!.. היי־יאָ!..

— היי־יאָ!—קלינגט אין אבראַשקעס אויערן א פריילעכער ענטפער פון אָבאָז.

אים דוכט זיך, אז ער פרעגט:

— ווער האָט עס געשריִען?

— קיזיאק... ס'איז א שפּיל...

— יאָ, יאָ...

אים דוכט זיך, אז ער ציט אָן שטארקער די לייצן. ער זעט קימאט גאָרניט אכוץ די פלאמען אין דער אָדעסער בעקערײַ. דער קאראוואן גייט שנעל, אָבער די וועגענער טרייסלען צו שטארק. דער נאפט קאָן זיך אויספּליושקען. דער פעלד-טאש פּאטשט אים אין זײַט. די זיבן טויטן אין נאהאן ליגן ארומגענומען מיטן בילד פון זײַן מיידל. דער וועג גיט זיך א דריי פאר זײַנע אויגן און ער דערזעט ווידער דעם בידזשאן.

— ביסט א נאר, פאציוק,—גיט ער פלוצלינג א זאָג צום פורמאן.—אפן בידזשאן איז געווען א שלאכט ניט קיין שפּיל... א קליינע שלאכט... און דו... איינמאָל יאָ!.. צעקײַ!..

דער סערפּ אין הימל איז בלאנק געשליפן. ווי אף א זילבערן פעדימל הענגט אונטערן סערפּ א הייסער שטערן. דער וועג איז פול מיט גערויש. דער קאראוואן טראָגט זיך נאָך שנעלער.

אף דער פאָדערשטער פור, בא דער זײַט פון די צוויי שווארצע פעסלעך נאפט ליגט אויסגעצויגן א יאט. זײַן קערפּער ברענט. זײַנע פולע ליפּן שמייכלען און ברומען:

— היי־יאָ!.. איינמאָל יאָ!..

איבער זײַנע האלב־פארמאכטע אויגן הענגט דער טונקל־בלויער בירעבידזשאנער הימל פול אויסגעשאָטן מיט ווײַסן מאָן—מיט געשליפענע שטערן—צוגעפוצט מיט דער זילבער־נער הימלשער צאצקע מיט די הערנער ארופ.

פאָרויס הויבן שוין אָן פינקלען די עלעקטרישע שטערנדלעך פונעם סטאלינער ראטנווירט.

---

## ב. אָליעווסקי

* * *

עס ברענט אין שטוב די שײַן.
איז וואָס זשע וועט שוין דעמאָלט זײַן,
אין יענעם טאָג—אין טאָג דעם אומדערוואַרטן
ווען צו באַוואָפּענען!—וועט אויסרופן דאָס לאַנד.

איבער סאָפּקעס, איבער וואָיענדיקע שלאַכט־פעלדער
וועל איך אָנגרײַפן מיט ביקס מײַנער אין האַנט...

איך ווייס, דו וועסט מיר פאַלן אַפן האַלדז,
און פאַר מײַן אָפּפאָרן—ס'באַוויינען מיר באַם שוועל.
איך פיל אַף ליפן שוין פון טרערן דײַנע—זאַלץ
און דײַנע הענט אַף גרוי פון מײַן שינעל.

און וואָס קען דעמאָלט העלפן דײַן געוויין,
וואָס קענסטו, איינציקע, פאַר מיר דעמאָלט באַטײַטן?!
א רוקזאַק נעם!
דו קום ווי איך צוגיין
אַף א בודיאָנעווקע דײַן שאַלעכל פאַרבײַטן...

איז פריילעך!
איך וויל ניט ווי א שאָטן
אין טונקלעניש זאָלסט דורכגיין און פאַרפאַלן!
און לעבן—אָט אַזוי ווי אין א זאָטל
קום זעצן זיך!
קום טראָגן זיך מיך אַלע!..

* * *

וואַליען

ווּ איז זי איצט? איר מאַן איז איצטער—ווער?
ס'איז דורך שוין צוויי. ס'איז שוין דאָס דריטע יאָר...
כ'וועל אומרויִק בין איצט נאָך, אַז איך הער
אין לויטערקײַט דעם ראַש פון א מאָטאָר.

און ניט דער ווינט, ניט ראַש פון אַ פּראָפּעליער
ניט זיי מײַנע בענקשאַפט רופן פון דער ווײַט—
אפּסנײַ איך זע איר אָנגעטאָן אין לעדער.
אפּסנײַ איך זע איר מאָוזער באַם זײַט...

און שלאַנק, פאַרדרייט, פאַרשפּיליעט אינעם רימען,
אפּסנײַ די הויכע לויטערקײַט צערודערט
אין שטערנדיקן, אָונטיקן הימל
איר האַנט האָט אָנגעדריקט אַ זיכערע דעם רודער.

און ס'שמײַסט דער ווינט אַ בלויער אין די ברילן,
וואָלקנס טראָגן זיך מיט פײַערדיקע קאַנטן
און ס'רײַסן זיי די ווינטן—און זיי שפּילן,
און ווי זעגלען בלאָזן אָן אונדזערע מאַנטלען.

און ס'שווימט אַ דנאָ—אַ גראָזיקער דער סטעפּ
און ס'וויגן זיך די שטערן אין דער לופטן,
איך הער ניט אינעם טומל וואָס זי רעדט
איך זע נאָר אַ פאַרפאַליעטע זי רופט מיך,

זי הויבט זיך אויף אַ ליכטיקע, אַ העלע,
זי פאַלט פון ווינט אַ פריילעכע צום פליגל...
סאַראַ גליק איז אָט אַזעלעכע געפעלן!
סאַראַ אַן אומגליק איז אַזעלעכע ניט ליבן!

ל. טאלאלײַ

# אפ דעמ נײַענטנ מעסלעס

ס'האָט געשטיגנ אלצ די היצ,
כ'ברענ אינ געלנ פיבער.
אינ די אויגנ האָט געבליצט
ליפנ—שווערע הליבעס.

ניט א קער טאָנ מיטנ צונג
אפנ שטערנ—ראָסע.
עפעס אינ א בלויענ רונג
האָט מיר אײַנגעשלאָסנ.

עכ, וואָס איז עס מיטאמאָל,
וואָס איז עס פאר אנ ארבעט?!
קראנק זײַנ דאָ אינ דעמ שפיטאָל?
אפ א בעטל שטארבנ?

אופשטיינ! גיינ!
אינ פעלד אינ גאס,
דאָרט ווו מײַנע יאטנ...
טראָגנ זיכ אינ זייער האסט
אָט בינ איכ דאָ, נאט אײַכ!

אפ א בעטל ניט אינ פעלד,
ווו די ווינטנ ברומענ.
ווער האָט, ברידער, מײַנ געווער
בא מיר צוגענומענ?!

קומט א מענטש צו מיר ארײַנ,
מיט פארקלערטע אויגנ.
טרעט ער אינ מײַנ צימער שטיל
עטוואָס אײַנגעבויגנ.

קלאַפּט ער מיט די פינגער שטיל
מורמלט מיט די ליפּן
און ער זאָגט אַזוי פאַרהילט:
דרײַסיק נײַען. גריפּוס.

גריפּוס, זאָגט ער, איז באַ מיר.
יעדער וואָרט געשטעלט איז.
פּלוצלונג עפנט זיך די טיר—
יאַשקע, סאַראַדעלע.

דער קאָמזוואָד, פון דריטן פּאָלק.
— בראָס כוואָרעט! ניע נאַדאָ!
קראַנק זײַן—ס'איז אַ קנאַפּער טאָלק.
אַ רעפּוע נאַ דיר!...

און ער זאָגט:
— צום ווזוואָד אין פעלד,
דאָרט ווו ווינטן קלאָרן.
ס'האָט דער זומער זיך געשטעלט
און עס רײַפן קאָרן.

פרייד און ווינט אין יונגע שײַן
יאָנטעוון דאָך העלסטע,
דאָרטן וואַרטן דײַנע פרײַנט,
דו ביסט דאָרט דער עלטסטער.

ווו איז ער, מײַן פעסטער טראָט
אין די אויגן העלקײַט?
ערגעץ ווײַט אין אַ פּאָכאָד
יאַשקע, סעראַדעלע.

ס'איז דער פּאָלק אַוועק אין פעלד
— ס'גייען איצטער מאַרשן.
מיך האָט מען דאָ אָפּגעשטעלט
מיט דער שוועסטער.

קאַרשן,
פײַכטע קאַרשן לײַכטן ווייך
אונטער אירע ברעמען.
כ'וואָלט געוויינט, געוויינט איצט הויך,
איך זאָל זיך ניט שעמען.

— — — — — — — —

אפ דעמ זיבעטנ מעסלעס
בינ איכ אופגעשטאנענ,
אפ דעמ נײַעטנ מעסלעס
כ'זאָטל מײַנ בולאנעמ.

יאָג זיכ, פערדל, אינ גאלאָפ.
איכ וועל דיר פארצוימענ.
לאָמיר אָניאָגנ דעמ פאָלק
אונדזער יידנס היימאט.

גיכער, האסטיקער אליור.
וואָלקנס מוטנע טרײַבנ,
כ'וועל דײַנ האסטיקנ אליור
אינ א ליד פארשרײַבנ.

ע. שעכטמאַנ

# פּאַראַקערטע מעזשעס

צווייטער טייל

(פאָרזעצונג)

III

פּאַרטאָג האָט זיכ דער קודלאַטער צעבילט אינ הויפ. עמיצער האָט געקלאַפּט אינ פאַרקאָוועטנ פענצטער. פונ די נאָכ ניט דערטליִעטע לוטשינעס האָט אָפּגעשלאָגנ אינ טאַפּליע אַרײַנ א גאָלדענער אָפּגלאַנצ. ער האָט זיכ אויפגעכאַפּט, יוליק, א דערשראָ־קענער. ס'האָט זיכ אימ אויסגעדאַכט: א פײַער פונ יענער זײַט סעדל... איז ער פונ לעזשאַנקע אַראָפּגעשפּרונגענ, א באָרוועסער אינ פעדער־שטיבל אַרויסגעלאָפנ, דעמ פאַרר־קער אָפּגערוקט אונ דעמ הוילנ קאָפּ אינ דרויסנ, צומ פראָסטיקנ פּאַרטאָג אַרויסגערוקט. באַמ טיר איז געשטאַנענ אַלעקסײ דער קאָנאָוואַל אָנגעשפּאַרט אפנ שטעקנ, געפּינטלט מיטנ בלינדנ אײגל אונ זיכ גערײצט מיטנ הונט.

— א גוט מאָרגנ, טײַערער מײַנער.

— נאָכ א בעסערנ...— האָט א באַרויִקטער געענטפערט יוליק,— אזוי פרי? איר האָט מיכ איבערגעשראָקנ!

— א נאַר שרעקט זיכ,— איז דער אַלטער דעמ שוועל אַריבערגעטראָטנ. געקלאַפּט אינעמ פינצטערנ פעדער־שטיבל איבער דער ערד מיטנ שטעקנ אונ געזוכט די קליאַמקע פונ דער שטוב־טיר,— פרי זאָגסטו? ווער ס'שטײט אופ קאַיאָר, דעמ גיט גאָט א גאַנצ יאָר... שרעקנ זיכ, מײַנ טײַערער, איז ניטאָ וואָס. ווער ס'עסט זײַנ פאַרהאָרעוועטנ ביסנ, דער האָט א ריינעמ געוויסנ... זיכ באַהאַלטנ די קליאַמקע דײַנע.

יוליק האָט אימ אינ שטוב אַרײַנגעלאָזט. אַלעקסײ האָט אַראָפּגענומענ דעמ יאָלעמ אונ איז געוואָרנ נאָכ קלענער... ער האָט זיכ איבערגעצײלעמט, זיכ אוועקגעזעצט אפּ דער באַנק, דעמ שטעקנ צווישנ די פאַנאַנדערגעשפּרײטע פיס אוועקגעשטעלט, אונ גענומענ אָנ־קלאַפּנ די ליוּלקע מיט צעריבענע בלעטער טוטינ.

— א פרעסטל,— האָט ער געקלאַפּט מיט די פיס,— ווי דער הונט כאַפּט ער... נאָכ ניט געווענ אזא... די ערד טרישטשעט אונ די בײנער טריקענענ...

— עפּעס נײַעס? האָט יוליק מיט אומגעדולד געפרעגט, שטײענדיק אינמיטנ שטוב א נאַ־קעטער,— ציט ניט די אָדערנ.

— סאַ היציקער דו ביסט,— דער קאַנאַוואַל האָט מיט דער בעלמע באַטראַכט דאָס שטיקל היפּקע אונ דערנאָכ עס צוגעלײגט פּאַוואָליע צומ שטײנדל, מיט דער קרעסילע אָנגעקלאַפּט

פײַער, צוגערויכערט, אונ פונ אונטער זײַנע לאנגע גרויע וואָנצעס האָט א שלאָג געטאָנ א געדיכטער, שווארצער רויכ,—לאָז זיכ דערוואַרעמענ, וועל איכ זאָגנ... א הייסנ פערד דארפ מענ די פיס היטנ... די הענער האָבנ נאָכ ניט געקרייט אונ זיי שיקנ שוינ מענטשנ וועקנ.

— פונוואַנענ גייט איר?

— געוועזנ שוינ אינ אסאכ הײַזער... האָט זיכ דער אלטער אופגעהויבנ, זיכ א דריי געגעבנ נעבנ בעט אונ זיכ אוועקגעזעצט אפ דער לעזשאנקע,— די מילנערס האָבנ געשיקט, צום דרעשנ זאָלט איר קומענ... אפ אָנבײַסנ פארבעטנ, א גלעזל „פערוואַק” ווארט אפנ טיש...

— ניינ,—האָט יוליק ארופגעצויגנ דעמ אנדערנ שטיוול, א קלאפ געטאָנ מיט אימ אינ דער ערד, גוט אײַנגעמאָסטעט די פיס אונ גענומענ אָנטאָנ דעמ פעלצ,— מיר פאָרנ אינ וואלד ארײַנ. דער פארדינסט וועט טאקע זײַנ א קלענערער, דערפאר אָבער א געשמאקערער... איר קאָנט זיכ ווארעמענ, כ'וועל נאָר צומ פערד א בליק טאָנ.

— יוליע,—איז אלעקסיי פונ לעזשאנקע אראָפגעקראָכנ, ווענ יוליק איז ארויס, דו הערסט? האָלעס האָט מיכ געשיקט,—ער האָט זיכ אָנגעבויגנ איבערנ בעט, אזש די הייסע ליולקע האָט איר א ברי געטאָנ אינ שטערנ,— ער ווייסט, האָלעס, אז איר פאָרט אינ וואלד ארײַנ, האָט ער דיר אָנגעזאָגט, זאָלסט ניט פאָרנ, צום דרעשנ זאָלסטו קומענ...

בא יוליענ האָט דאָס הארצ זיכ אָנגעהויבנ ווארפנ, ווי א פיש, נאָר וואָס פונ וואסער ארויס. א היצ איז איר איבערנ לײַב דורכגעלאָפנ, אזש א שווייס האָט זי באשלאָגנ. זי איז געבליבנ ליגנ, גאָרניט געקאָנט ענטפערנ, נאָר שווער געאָטעמט.

— טאָ וואָס?—האָט אלעקסיי זיכ ווידער אָנגעבויגנ,— ביטער צומ עסנ אונ א שאָד אוועקוואַרפנ?...— ער האָט געפינטלט מיטנ בעלמעוואטנ אייגל אונ געכיכקעט. א פארביטערטער מענטש איז ער געוועזנ דער קאנאוואל, ער האָט פונ אלצ אונ פונ אלעמענ אָפגעלאכט,—הא, וועסטו קומענ? איכ האָב שוינ פארנ גאנג, מײַנ גלעזל באקומענ...

— ס'איז מיר גאָרניט ביטער,—האָט אויסגעשריִענ יוליע, אונ א געדיכטער קנויל האָט זי א שטיק געטאָנ אינ האלדז,— גייט אינ די לאָזעס ארײַנ... אינ וואלד פאָר איכ, טאָ האָדי... זאָל ער ניט שיקנ צו מיר...

---

דער פראָסט האָט די וועלט ארומגעכאפט. אונטער א געדיכטנ פריר־טוי זײַנענ די ביימער געשטאנענ געליימטע — מיט קיינ צווײַגעלע ניט א ריר געטאָנ. די הינטישע געבילנ איבערנ כוטער האָבנ אינ דער ריינער לופט אָפגעקלונגענ, ווי די טריט אפנ פארפרוירענעמ סטאַוו. פונ דער קעלט האָבנ אזש די קראָענ געשריִענ אינ וואלד. דער דרינושעלע [1]) האָט פריילעכ געסקריפעט אפנ קאיאָריקנ שליאכ. דער קאשטאנטשיק איז גלײַכ באדעקט געוואָרנ מיט א זילבער. פונ די נאָזלעכער האָט אימ געשלאָגנ א געדיכטע פארע, אזש פארשטעלט דעמ וועג מיט א נעפל. אפנ בערגל, איבערנ נידעריקנ דעמב האָבנ זיכ געשפינט רויטע פעדעמ— א זוניקער טאָג האָט זיכ ארויסגעשניטנ. די גענדז האָבנ אינ די הויפנ געגאָגערט. ברעוונעס רויכ האָבנ זיכ צומ הימל געצויגנ—ס'האָט געשמעקט מיט זויערע קוואשעס אונ מיט רעטשענע לאטקעס. די פורנ זײַנענ זיכ צוגליפגעפאָרנ צומ דאָרפראט.

— דזינ דאָברי.

— גיב גאָט.

---

[1]) ניט קיינ געקאָוועטער שליטנ.

— עכ זשע א פראָסט.

— ער וועט ניט לאָזנ גענעצנ...

— דער ווינטער דארפ זײַנס אָפּגעבנ.

— אונ אָנאָ פאָרט, אוורומע... אונ יוליק פאָרט,— האָט הארasים זיכ געבייזערט,— אונ אנדריי דער ווײַסער וועט ווײַזט אויס טאקע ניט קומענ... ער וועט מיסטאָמע צו די מילנערס דרעשנ גײנ...

— נעכײַ,— האָט טאדעוש געזאָגט,— זיבנ יאָר איז קיינ מאָנ ניט געראָטנ, אונ קיינ הונגער איז ניט געווענ, וועט ניט זײַנ אויכ אפנ אכטנ... מ'וועט זיכ באגיינ אָנ אנדרייענ... שפאַנט די פערד.

ווענ מ'איז זיכ צונויפגעפאָרנ, האָט מענ גענומענ צונויפשפאנענ. ראָמאַנ האָט צוגעשפאַנט זײַנ גניאדע שקאפע צו יוליס קאשטאַנטשיק, טראַכימ צו אוורעמענ, אזוי אלע קאָמנעזאַמאָוצעס. איינ האָראסימ האָט זיכ ניט געדארפט מיט קיינעמ פאָרנ. ער האָט אליינ פארמאָגט א פאָר גוטע בולאנע שקאפעס. לייבקע האָט געהאָלפנ שפאַנענ. ער האָט גאָר ווייניק גערעדט. ער האָט זיכ צוגעהערט, ווי אוורעמ טײַנעט מיט טאדעושנ, אז מע זאָל אימ ניט לאָזנ אוועקפאָרנ. טאדעוש האָט געשוויגנ.

— זאָל ער פאָרנ,— האָט דערנאָכ טאדעוש געזאָגט.— מיר דארפנ אימ אוואדע האָבנ... אָבער אינ שטאָט וועט ער א מענטש ווערנ... מיר טאָרנ אימ ניט פארהאלטנ... אונ ער איז צוגעגאנגענ צו לייבקענ,— נו, פאָר, נאָר פארגעס ניט אינ אונדז... מיר וועלנ דיכ ניט פארגעסנ... אנטשולדיק, וואָס וועסט מוזנ גיינ אביסל צו פוס...

— וואָס בינ איכ א פרעמדער,— האָט לייבקע געקוקט אפ טאדעושנ מיט פולע אויגנ,— דאָס הארצ טוט וויי... אָבער איכ וועל נאָכ קומענ צו אײַכ... איר וועט זענ א וועלכער איכ וועל קומענ...

די פערד האָבנ גערירט. די שליטנ־קלאנגענ האָבנ זיכ צעשאָטנ איבערנ גאנצנ דאָרפ די הינט האָבנ זיכ צעבילט, פונ די הויפנ האָט מענ זיי ארויסבאגלייט. די פורנ האָבנ זיכ אראָפּגעלאָזט צומ סטאווקיִער טײַכ. אינ יאנקאָ דעמ מילנערס הויפ האָט מענ געשפאַנט די פערד אינ מאניעזש ארײַנ, די אויסגעפּאַשעטע אָגערס האָבנ געהירזשעט, געגראָבנ מיט די קאָפּיטעס דעמ שניי. דער הויפ איז געווענ פול מיט מענטשנ, די קלוניע איז געווענ פאַנאַנדערגעעפנט אפ דורכ אונ דורכ, סנאָפּעס זײַנענ געפלויגנ פונ דער סטירטע אונ אופגעהויבנ א שטויב. יאנקאָ דער מילנער האָט צוגערופנ סטעפּאַנענ זיגערט, אימ אָנגעוויזנ אפ די פורנ, וואָס האָבנ זיכ געצויגנ, ווי די בושעלנ איבערנ טײַכ.

— האָראסימ פאָרט דאכט זיכ, דער ערשטער,— האָט דער מילנער געזאָגט,— זיכ סקאָמפאַנייעט מיט די האָלאָדראַנצעס... אונ ס'וואָלט פונ אימ געקאָנט זײַנ א גוטער באלעבאָס...

— גאָרניט וועט ניט זײַנ פונ אימ,— האָט סטעפּאנ געזשמורעט די קײַלעכדיקע אויגנ,— אוועלכער רועכ סע פאָרט, אזא מינ נעמט ער זיכ מיט אפנ וואָגנ... וואָס ארט אײַכ, פאַני יאנקאָ, זאָלנ זיי פאָרנ. בא אײַכ אינ הויפ זײַנענ מער פארבליבנ... ווי פלעגט ער זאָגנ, ארעל, דאָרטנ ווי די טײַכ איז געלאָפנ וועט זי ווײַטער לויפנ, אז מע כאפט א העכט, פירט מענ דערמיט די פיש פונ וואסער ניט אויס... מיר וועלנ לעבנ, וועלנ מיר זענ, שטעלט זיכ דרעשנ!

---

די פורנ האָבנ זיכ געצויגנ איבערנ שליאכ איינס נאָכנ אנדערנ, ווי די גענדז. מ'האָט זיכ פונ איינ שליטנ צומ צווייטנ איבערגעוואָרפנ מיט רייד. מ'איז געלאָפנ באמ זײַט וועג, געפּאָכעט מיט די הענט, די שנייענ האָבנ געשורשעט. טאדעוש מיט יוליקנ זײַנענ געלאָפנ

אין געוועט, די הינט האָבן פריילעך געבילט, זיך געיאָגט נאָך די קראָען, וואָס האָבן ארומגעטאנצט איבער דער ווײַסער ערד. א העזל האָט מיט די פעדערשטע לאפקעס געגראָבן דעם שניי. זיך געוואָלט, ווײַזט אויס, צום קאָרן דערקלײַבן. האָראָסים האָט א טיוקע געגעבן און אָנגעריצט דעם הונט. ס'האָבן זיך צעטראָגן געשרייען איבערן פעלד. הילכיקע געלעכטערט האָבן זיך געשאָטן איבערן שליאך, די אויסגעשיילטע זון אפ אראָפּגעלאָזטן הימל האָט באשאָטן די פארפרוירענע פעלדער מיט שײַן. די ערד האָט זיך א ריר געטאָן, געפינקלט און געזשמורעט די אויגן... יוליע, וואָס האָט געוואָרפן אפ לייבקען מיט שניי, האָט די גאנצע צײַט נאָכגעקוקט, ווי טאדעוש לויפט איבערן פעלד... לייבקע האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון יוליען, אָבער פריילעכער איז אים ניט געוואָרן. ס'האָט אים געקלעמט עפּעס אן אומעט. אָט באלד דארף ער אראָפּגיין... איבערלאָזן דאָ טאדעושן, יוליקן, יוליען, ראָמאנען, אווראָמען... אָבער פּאָליעס ווערטער, פאר איר אָפּפאָרן, האָבן אים געווארעמט: „דו ביסט יונג, דארפסט פאָרן ארבעטן, דערנאָך וועסטו פאָרן לערנען"... ער האָט זיך ארײַנגעזעצט אין שליטן און זיך אזוי פארטראכט, אז ווען די פורן זײַנען געבליבן שטיין באם שיידוועג, האָט ער אפילע ניט געפילט.

— לייבקאָ,—איז צו אים טאדעוש צוגעגאנגען, זײַנע מאטעווע, פריילעכע אויגן האָבן געשמייכלט,—מיר זײַנען געקומען... אָט איז דער וועג! נו, לאָמיר זיך געזעגענען...—ער איז ארײַנגעקראָכן און זיך אוועקגעשטעלט אין אווראָמס שליטן,—טאָווארישטשי,—האָט טאדעוש געזאָגט, ווען מ'איז זיך צונויפגעגאנגען ארום שליטן,—לאָמיר זיך איצט געזעגענען מיט לייבקען... מיר געזעגענען זיך מיט אים ניט אפ שטענדיק... ער וועט זיך צו אונדז אומקערן, וועט ער דעמלט ברענגען אונדז נײַס, און וועט בא אונדז טרעפן עפּעס נײַס.. וואָס לייבקע האָט מיט אונדז דאָ אָפּגעטאָן ווייסן מיר אלע... ניי געזונט כאווער,—האָט זיך טאדעוש צו אים אָנגעבויגן און זיך מיט אים צעקושט,—מירן דיך ניט פארגעסן, און דו פארגעס אונדז אויך ניט...

לאנג זײַנען די שליטנס געשטאנען אפן שליאך. מ'האָט זיך אלע געזעגנט מיט לייבקען, מ'האָט אים געוואָרפן פון איינעם צום צווייטן. ראָמאן—דער פּאָרזיצער פון קאָמנעזאם, האָט א כאפּ געטאָן לייבקען, און אים ארויפגעזעצט צו זיך אפן אקסל, און איז אוועק מיט אים א טאנץ. ס'האָט אויסגעבראָכן א פריידיקער געלעכטער. ראָמאנס סיווע באָרד האָט זיך געוויגט. מ'האָט געפּאטשט. ראָמאן האָט א שלעפּ געטאָן יוליען פאר דער האנט, דער שניי האָט זיך צעשטויבט אונטער אירע פיס—זי האָט געטאנצט אנטקעגן ראָמאן, געשפּילט מיט די הענט אנטקעגן לייבקען... מ'האָט געפײַפט, געקלאפּט מיט די בײַטשן איבער די כאָליעוועס אזש דער טאָג האָט געציטערט.

... לייבקען האָט די פרייד פארכלינעט. מ'האָט אים אלע אביסל באגלייט. ראָמאן האָט אים אָפּגעגעבן זײַן סוקעוואטן שטעקן אין וועג ארײַן. זיי האָבן נאָך לאנג געפּאָכעט צו אים מיט די היטלען פון די יאָגנדיקע שליטנס, ביז זיי האָבן אים פארלוירן פון אויג.

---

די זון האָט זיך אראָפּגעלאָזט אונטער דער קלוניע. א פארשטויבטע, א דערפרוירענע האָט זי זיך פארנורעט אין דעמבאָווע וואלד צווישן די פארשנייטע צווײַגן. דער פראָסט האָט נאָך שטארקער א ברי געטאָן. ס'איז געוואָרן אלע מאָל שטילער. דער בארבאן האָט גערוישט. די פּאָלאָווע איז געקראָכן אין די אויגן, אין מויל ארײַן, געביסן די לײַבער. די, וואָס האָבן געארבעט אינדרויסן באם צונויפלייגן די שטרוי, האָבן אלעמאָל זיך אָנגע־

שפּארט אפ די ווילִיעס. אפילע אָלעס—יאנקאָ דעמ מילנערס זונ, וואָס האָט זיכ א גאנצנ טאָג זיכ ארומגעדרייט באמ סטויג—די האָלאָדראנצעס זאָלנ ניט אָפּוואָרפנ עטלעכע סנאָפעס, איז אוועק מיט פראנעקס עלטערער טאָכטער אינ שטוב אריַנ.

— זיכ אָנגעהאָרעוועט, — האָט אנטאָנינע—יאנקאָס ניימיטשקע זיי באגלייט,—א גאנצנ טאָג זיכ אינ שטרוי געטאָוטשעט... מ'איז אוועק אינ שטוב זיכ שפּילנ... אונ בא דיר זײַנענ שוינ די קני צעטראסקעט געוואָרנ...

— זיי ארבעטנ דאָכ ניט אפנ טאָג,—האָט א צווייטע געזאָגט,—צו זיי גלײַכ זיכ ניט... דער זאטער גלויבט ניט דעמ הונגעריקנ. מיר דרייט שוינ אזש אינ בויכ...

— ארבעט, ארבעט,—האָט אלעקסיי געפינטלט מיטנ בלינדנ אייגל,— אפ יענער וועלט וועט איר עסנ קוטיע מיט האָניק... איר וועט זיכ בא זיי נאזשיוועג, ווי א סאָראָקע אפנ פלויט... וואס בורטשעט איר אָט דאָ אינ די פאזוכעס אריַנ. זאָגט עס אינדערהויכ...

די פערד האָבנ אָנגעהויבנ צושטיינ. סטעפאנ זיגערט, וואָס איז געשטאנענ בא דער מאשינ האָט צוגערופנ יאנקאָנ. זיי האָבנ ביידע עפּעס זיכ געסוידעט ארויסגעקוקט צומ פארנאכטיקנ וועג. דערנאָכ איז יאנקאָ אוועקגעלאָפנ אינ שטוב אריַנ, באלד ארויס צוריק אונ געהייסנ אָפּשטעלנ די פערד. ער איז ארופ אפנ מאניעזש, באדאנקט דעמ אוילעמ פאר דער גוטער ארבעט אונ פארבעטנ אלעמענ אינ שטוב אריַנ. אינ הויפ איז געוואָרנ לעבעדיקער. ס'איז אָנגעסאָרנ בענציע, אראָפּגעטראָגנ עפּעס א פארמאכט קעסטל אינ שטוב אריַנ·

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פארע האָט פארוויקלט די גרויסע שטוב. דעמ לאָמפּ האָט מענ ניט ארויסגעזענ די וועגט האָבנ געשוויצט, די טאפליעס האָבנ געלאָזט אונ די גרויסע לעוואָנע איז געקראָכנ אינ פענצטער אריַנ. יאנקאָ דער מילנער האָט זיכ געריבנ די נאָז, זיכ געכאפּט פאר די האָר, וואָס טאָרטשענ אימ נאָר פונ אונטנ אונ ארומ די גרויסע אויערנ, ווי פארטריקנטער געלער בוריאנ. ער איז פונ ווייטיק אזש פונ שטוב ארויסגעלאָפנ. ארפינע—די צווייטע וויַב איז זי בא יאנקאָנ, א הויכע, א פולע האָט דערלאנגט צומ טיש. איר פּאָנעמ איז געווענ פארגאָסנ מיט רויטע פלעקנ, ווי די אויסגעבונדענע רויטע פאטשיילע אפ איר קאָפּ. איר געקליאָרעוועטער גיידער האָט צו אלעמענ שעלמיש געשמייכלט אונ אלעמאָל האָט זי געטרונקענ „אפ געזונט״... אָלעס האָט אָנגעפירט. ער האָט זיכ אפנ טאטנ ניט ארומגעקוקט אונ געהייסנ ניט זשאלעווענ... ער האָט געהאָלפנ האנענ אָנשנײַדנ געראויכערטנ כאזערפלייש, ווורשט פונ גריפנ מיט כאזער־בלוט. ארפינע האָט געטראָגנ צומ טיש רעטשענע לאטקעס מיט סמעטענע, פונ די שיסלענ האָט געשלאָגנ א הייסער בוראקאָווער רויטער באָרשט מיט פלייש. האנא, פראנקעס עלטערע טאָכטער, האָט געפּאָכעט מיט די לאנגע וויִעס, זיכ בעטוליעט צו אָלעסנ אונ זיכ בא אימ געבעטנ. ער האָט איר גאָר ניט געענטפערט· געכאפּט א גרויסע מאקרעטע אונ איז אוועקגעלאָפנ אינ קעלער אריַנ אָנעמענ עפל. „זיי פארשטייענ גאָר ניט... אָט זיי, סטעפאנ מיט בענציענ פארשטייענ... אונ זי האנקע דרייט דעמ קאָפּ... יוליע אונ אָליע... יאנקאָ איז אריַנ צוריק אינ שטוב. צוגעלאָפנ צו דער וויַב אונ זי א שטורכע געטאָנ אונטערנ הארצנ „אפ וואָס טיילט איר אזויפיל, גאזלאָנימ״ אונ ווענ אָלעס האָט ארײַנגעטראָגנ די מאקרעטע עפל מיט א שטיק סטעלניק, האָט ער אזש אָנגעהויבנ קריצנ מיט די ציינער. ער האָט זיכ ארומגעדרייט איבערנ שטוב ווי א פרעמדער, יאנקאָ, די קרומלעכע פיס האָבנ אימ געציטערט... ער האָט ארויסגעטרייסלט פונ קעשעניע די שטיקלעכ מאכאָרקע־ציגארנ, פארדרייט פונ זיי א ציגאר אונ איז ארופגעקראָכנ

אפנ אויװנ. דאָרטנ אויסגעטאָנ די שטיװל, באטאפט די פּאָדעשװעס אונ זײ אראָפּגעװאָרפנ מיט קאס אפ דער ערד:

— זײ װעלנ מיר דעם קאָפּ אָפּעסנ...—האָט ער געשיפּעט,—אפ דער כאָליערע דארפ איכ עס האָבנ... כ׳האָב געמײנט א שטיקל ברויט מיט ציבעלע אונ א גלעזל בראנפנ... אונ די הינטישע יוכע,—האָט ער געשאָלטנ די װײַב,—האָט זיכ צעלאָזט, כ׳װעל איר הײַנט דעמ הינטנ צעפּאסעװענ, װעט זי װיסנ... נאָר איבערפירנ קאָנ עס...

די קעלט איז שוינ לאנג פונ די מענטשנ ארויס. אינ די קעפּ האָט זיכ שוינ געדרײט. אַלעס האָט מיט אלעמענ געטרונקענ פארנ געזונט, פאר גוטער שכײנעשאפט. די פּענע־מער האָבנ געפּאליעט. מ׳האָט געשמאק געקראצט מיט די לעפל איבער די שיסלענ. אַלעס האָט אכטונג געגעבנ, אז די גלעזער זאָלנ פּוסטעװענ בא די האָלאָדראנצעס...

— עסט, שכײנימ,—האָט געשריִענ אַלעס,—װאָס דער הײליקער יעזוס האָט אונדז גע־געבנ, טײלנ מיר זיכ מיט אײַכ... טרינקט גוטע מענטשנ, אומזיסט רײצט מענ אונדז אײנעמ אפנ אנדערנ... ס׳זײַנענ פאראנ פּאסקודסטװעס אפ דער װעלט, דארפ מענ זײ אויסװאָרצ־לענ... פראנעק מיט ארעלענ זײַנענ געװענ פּאסקודנע מענטשנ, זײ האָבנ א מענטשנ דער־שלאָגנ, טאָ זאָלנ זײ דאָרטנ פוילנ... עמעס, צי ניט?

— עמעס,—האָט אנטאָנינע געשריִענ,—עמעס!

— עמעס,—האָט אַלעס אײַנגעהאלטנ אונ ניט ארויסגעלאָזט די װישקעס פונ די הענט,—מענטשנ דארפנ לעבנ גוט צװישנ זיכ... העלפנ אײנער דעמ צװײטנ... מיר האָרעװענ אלע אפנ שטיקל ברויט, טאָ לאָמיר, ליבע שכײנימ אויסטרינקענ נאָכ א טשארקע... אָט אזוי, פארבײַסט!

די האָלאָדראנצעס האָבנ געגעסנ שװײַגנדיקערהײט, געטרונקענ אונ געשאָקלט מיט די בערד.

— עפּעס צו גוט געװאָרנ...

— מ׳זאָל אונדז דאָ אינ עפּעס ניט פארנארנ.

נאָר די װײַבער האָבנ צוגעפּאטאקעװעט אפ א קאָל, געקלונגענ מיט די גלעזער. זיכ געקושט. געכאנפּעט די יאנטשיכע, געלויבט אירע מאכאָלימ אינ טאָג ארײַנ, באהאלטנ דער־מײַל אינ די פּאזוכעס עפּעס פאר די קינדער, אונ שטילערהײט געשאָלטנ:

— בלוטזויגערס... סארא פולע טישנ...

— עסט װײַבער,—האָט אלעקסײ געפּינטלט מיטנ בלינדנ אײגל אונ געשמײכלט,—װענ מע גיט, נעמט, װענ מע שלאָגט, אנטלויפט... א קלוגער עסט האָניק אונ א נאר טרינקט װאסער... גאָרגאָטשעט װײניקער אונ קלאפּט שטילער מיט די לעפל, װײַל דער באלעבאָס חעט דאָרט נאָכ פלאצנ אפנ אויװנ... געפונענ נאראָנימ צו אײַנריידנ, דער בויכ האָט אימ א כאפּ געטאָנ... לאָמיר זײַנ געזונט, האָט זיכ דער אלטער אופגעהויבנ אונ ארײַנגעגאָסנ א האלבע גלאָז סאמאָהאָנ,—עכ יאָ... אנטאָנינא דערלאנג!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

כא דער נײַמיטשקע האָבנ זיכ די אויגנ פארפליושטשעט... דאָס פּאריסנ נעזל האָט זיכ געקנײטשט, זי האָט אונטערגעהויבנ אײנ אקסל, פארװאָרפנ דעמ קאָפּ, ארויסגעװאָרפנ די רעכטע פוס פאָרויס, אונ די רויטע הענט פארלײגט אפ די זײַטנ.

Не ку-ку-шеч-ка—ку-ку-ет,
Не со-ло-ву-шек—поет
Ро-одна—мамень-ка го-орю-е-т
До-чка—по—лю-дям—жив-ё-т...

האָט זיך אַנטאָנינעס קאָל צעגאָסן איבערן שטוב. זי האָט אַ פּיר געטאָן מיט די אויגן אויף האַנקען, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו אַלעסן, אַ שפּײַ געטאָן, ווי אַ פּאַראַבאָק, דורך די ווײַסע ציינדלעך און זיך ווידער פאַרגאַנגען:

По-лу-шалка—моя
По лу шалка—бле-э-дна
Я—те-пер—не—сты-жусь
Что—я—девка—бе-э-дна...

זי איז אַוועק די נײַמיטשקע, ווי אַ וויכער איבערן שטוב. זי האָט פאַרבײַ אַ כאַפּ געטאָן פון טיש אַ שיסל און זי אַ זעץ געטאָן אין דער ערד אַרײַן. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אַלעסן מיט האַנקען, געוויגט מיט די אַקסלען און צוגעקלאַפּט מיטן פוס:

Не—гляди—что—у—меня
Плать-и-це—с—зап-ла-а-ткою
Меня вы-бра-али—в—со-о-вет
Жен-с-кой де-пу-тат-кою...

ס׳האָט זיך אַ וויג געטאָן די שטוב. די האָלאָדראַנצעס האָבן זיך אַ ריר געטאָן פון די ערטער, די בלוטן האָבן זיך אין זיי צעקאָכט. די צונגען האָבן זיך זיי מיטאַמאָל צעבונדן, אַלעקסיי האָט געפינטלט מיטן בלינדן אייגל און מיט אַ שמייכעלע, וואָס איז אַרײַן אַלעסן, ווי אַ נאָדל אין האַרצן אַרײַן, אַ זאָג געטאָן:

— וויפל דו זאָלסט ניט וואַרעמען דעם שלאַנג אין בוזים, וועט ער סײַווי אַ ביס טאָן... ער האָט גאָרניט געענטפערט אַלעס. ער האָט גענומען טיילן יעדערן צו עפּל. ער האָט ניט דערלאָזט, אַז די הוליאַנקע זאָל זיך צעפלאַקערן. ער איז אַרופגעקראָכן אויפן אויוון און אַראָפּגעשלעפּט דעם טאַטן אויף דער לעזשאַנקע, ער זאָל באַדאַנקען די געסט:

— בייט געזונט,—האָט יאַנקאָ אַזש געקריצט מיט די ציין,—פּראָבאַטשטע, ס׳האָט מיך אַ נעם געטאָן אַ שטעכעניש... ספּאַסיבי ליבע שכיינים... אַז איך וועל דאַרפן נאָכאַמאָל דרעשן, זאָלט איר מײַן שוועל ניט אויסמײַדן...—ווען די שטוב איז געוואָרן ליידיק, האָט ער געכאַפּט די ווישקעס פון אונטער דער באַנק, צוגעלאָפן צו דער ווײַב, וואָס איז געלעגן אַ שיקערע אויפן קאַסטן און זי גענומען קאַטעווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם מילנער האָט מען קוים אָפּגעשלעפּט פון דער ווײַב—מ׳האָט אים אין צווייטן צימער אַרײַנגעשלעפּט. די צווייטע האַלבע שטוב—אַ טאָמיד־יאָנטעוודיקע, מיט איקאָנעס און מיט אויסגענייטע האַנטעכער באַהאַנגען. די בעט־ביז אונטערן סטעליע מיט קישנס פאַרלייגט. אַ יאַסינאָווער קאַסטן אויף צוויי שלעסלעך. די שליסלען הענגען אינײַנעם מיט די ציילעמלעך בײַ יאַנקאָן אויפן האַלדז. טונקל אין דער צווייטער האַלב שטוב. די זילבערנע ביימער אין סאָד רוישן. די לעוואָנע האָט זיך דורך דער האַלבער אָפענער טיר אין שטוב אַרײַנגעכאַפּט—ציטערט זי אַ פאַרפרוירענע אין ווינקל. אין דער צווייטער האַלבער שטוב ריטשעט אַרפינע. יאַנקאָ קאָן זיך ניט באַרויקן.

— וועטשערע געזאָגט, נעכײַ טראַכט איך,.. וועטשערע, ברויט מיט ציבעלע, נו, נעכײַ נאָך אַביסל בראָנפן... אַז איר זאָגט, מע דאַרף, טאָ זאָל זײַן לויט אײַך... אָבער די האָלאָדראַנצעס האָבן מיר שיר דעם קאָפּ ניט אָפּגעהריזעט... צום רוּעך דאַרף איך אַזאַ לײַטישקײַט... דעם וואָלף, וויפל דו זאָלסט ניט האָדעווען, קוקט ער אַלץ אין וואַלד אַרײַן...

סטעפאן זיגערט מיט בענציע יוזעפינער האָבן געשוויגן. זיי זײַנען די גאנצע צײַט געזעסן אין צווייטן צימער, פאר די האָלאָדראנצעס זיך ניט באַוויזן—מ׳זאָל זיי אלע איינעם ניט זען. זיי זײַנען געזעסן אפ דער באנק אונטער די איקאָנעס, געווארט ביז יאנקען וועט איבערגיין... אָבער יאנקאָ האָט זיך ערשט צעלאָזט, ווי א בעהיימע אין דער גרויסער היץ. ער האָט זיך נאָכאמאָל א וואָרפ געטאָן צו דער ווײַב. אָלעס האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט, ארויספירן די האָלאָדראנצעס פונעם הויפ איז ער אוועק. האָט זיך בענציע אופגעהויבן, פארהאלטן דעם מילנער און זיך געשווירן—ער, בענציע, באצאָלט פאר דער וועטשערע, וויפל יאנקאָ וועט הייסן. פאר בראנפן נעמט ער אוואדע קיין קאָפקע ניט. זאָל זיך דער פאן יאנקאָ באַרויִקן...

— הערט אויס, פאני יאנקאָ, וואָס מיר האָבן דאָ צוגעטראכט... זעצט זיך צו, וועט אײַך סטעפאן דערקלערן. נאט, פארויכערט!

— אויב אזוי...—האָט יאנקאָ געגלעט די שטעכיקע וואָנצעס,—טאָ רעדט... כ׳קאָן אויסהערן... זיבן מאָל מעסט און איינמאָל שנײַד...

— זיי פארנעמען זיך בויען די שקאָלע,—האָט סטעפאן אָנגעהויבן,—זיי וועלן זי אופשטעלן גיך. מ׳גיט זיי אלץ... מיר געפינען זיך, ווי די שאָפ צווישן די וועלפ, פאני יאנקאָ, מיר דארפן זײַן קלוג ווי די שלענג און שטיל ווי די טויבן... אָבער א טויב דארפ אויך האָבן איר נעסט, און א שלאנג איר נאָרע...—סטעפאן זיגערט האָט ארופגעלייגט זײַן האנט אפן מילנערס קני,—דער קלויסטער וועט מיט דער שקאָלע זיך ניט ספראווען אליין... מ׳דארפ האָבן א ביסל געלט, פאני יאנקאָ, מע דארפ זיך צונויפליגן און מיטהעלפן בענציען עפענען א מין טשײַנע... די האָלאָדראנצעס זאָלן זיך אלע אפדערנאכט אהין צונויפגיין... א טשײַנע מיט מוזיקע...

כ׳קאָן אויסלײַען,—האָט יאנקאָ פארטראכטערהייט געזאָגט,—און דאָס לאָזט מיך באַקלערן!

בענציע האָט אינדערפינצטער געשמייכלט. זיי זײַנען ארויס מיט דער אונטערשטער טיר פון יאנקאָן. בענציע איז אוועק דורכן סאָד, סטעפאן מיטן שליאך. נעבן דאָרפראט האָבן די האָלאָדראנצעס געהוליעט. אנטאָנינעס קאָל האָט געפלאטערט איבערן פראָסטיק־ליכטיקן דאָרפ:

Я—те-э-пер—не—сты-жусь
Ч-т-о-б—я—де-э-вка—бе-д-на-а...

---

דער טאָג האָט זיך פאמעלעך פונעם וואלד ארויסגעקליבן. די זון האָט אים ארויסגעבאגלייט. דעם טאָג פון יענער זײַט וואלד, און נאָך לאנג אים צוגעלײַכט דעם וועג אפ די פעלדער. טונקל אין וואלד. די פורן זײַנען שוין אָנגעלייגט מיט קלעצער. מ׳איז אלע געשטאנען ארום האָראסימס שליטן. געבראָכן פון די טאָרבעס דאָס ברויט, געביסן די הערינג. א פארע האָט געשלאָגן פון די מײַלער. צו זיי איז דער פראָסט ניט דערגאַנגען. פונעם טאָג־ארבעט האָבן בא אלעמען די איִוורים געברענט. די פענעמער רויט, ווי די ראבינע ביימער אין הארבסט. טאדעוש האָט געביסן פונעם שטיק ברויט, געקוקט אפ די אָנגעלייגטע שליטנס און ס׳האָט אים געוואָרעמט אונטערן הארצן. די מאטעווע אויגן זײַנען געווען פול:

— אָט איצט האָט ער אויסגעשריִען,—וועט זײַנ א שקאָלע... איבערבויען זי אפסנײַ... עמעס זאָג איכ, פעטער האָראסימ?

— עמעס, מ׳דארפ באַלעבאטיש בויען... מ׳דארפ אוועקשטעלנ א מענטשנ, וואָס פארשטייט אינ דער זאכ... אז די מאכט גיט געלט, דארפ מענ זיי קאָריסטנע אויסנוצנ... אָבער מע דארפ ניט שטארק ציטערנ איבער זיי. מענטשנ דארפ מענ צאָלנ גוט, וועלנ זיי גוט ארבעטנ...

— ריכטיק,— האָט אווראָמ סטאווקיִער אונטערגעהאלטנ,— מ׳וועט גיינ ארבעטנ, קיינ סאכ ארבעט איז באַמ אוילעמ ניטאָ... מ׳דארפ אָבער שוינ אָנהויבנ טראכטנ וועגנ דער מילכ־מאשינ, בעהיימעס וועלנ זיכ גיכ אָנהויבנ קעלבנ, מ׳דארפ צונויפרופנ א סכאָד!

— א סכאָד איז ווייניק,—האָט טאדעוש געזאָגט,—א קלייט דארפ מענ עפענענ.

— פאטשיילעס דארפנ זײַנ,—האָט יוליע אימ איבערגעשלאָגנ,—גוטנ ציצ ברענגענ, אזא געקווייטלטנ, וועלנ די ווײַבער טראָגנ.

— כיבא,— האָט טראָכימ בעקראצט דעמ ווײַסנ קאָפּ,—וועט עמיצער דענ ניט טראָגנ? ווהינ דענ וועלנ זיי טראָגנ? ארעל איז ניטאָ, צו דעמ מײַדענער וועלנ זיי ניט גיינ...

— הע־ע,—האָט יוליק געשאָקלט מיטנ קאָפּ אונ נאָכגעקרימט טראָכימענ,—אונ בענציע וועט זיצנ מיט צונויפגעלייגטע הענט, אונ די ארעליכע וועט אייביק ליגנ אינ בעט? אונ וואָס וועלנ זיי טאָנ מיט זייערע מאשינעס? אלע וועלנ טראָגנ... איר וועט זיכ נאָכדעמ בארימענ...

די זונ פארגייט. א פראָסטיק־גאָלדענע שטויב פאלט אפ די וויִעס. ווײַט אינ דער באַלקע טיאווקעט א פוקס. די הינט האָבנ זיכ אופגעכאפט פונ אונטער די שליטנס מיט א בילערײַ, אזש די סאָראָקעס האָבנ זיכ א ריס געטאָנ פונ די שפיצביימער. די ווײַסע בײַכלעכ האָבנ זיי געגלאנצט אפ דער זינקענדיקער זונ. האָראסימ האָט איבערגעלאָזט די פאנאנדערגעעפנטע טאָרבע, אויסגעווישט אפ גיכ די באָרד, א כאפ געטאָנ די צווייערנדיקע ביקס אונ אוועק אינ וואלד ארײַנ. זײַנ געלער הונט מיטנ גלעקל אפנ האלדז איז אוועקגעשפרונגענ צווישנ די ביימער.

— נאָר הײַעט זיכ ניט,—האָט טאדעוש נאָכגעשריִענ,—מ׳דארפ פאָרנ!

— ער וועט סײַוי זיכ באלד אומקערנ. זאָל ער א קריכ טאָנ אינ שניי.

— ווארט צו, פעטער,—איז יוליע סונ די קלעצער אראָפגעשפרונגענ,—איכ גיי אויכ!

— זי גייט אויכ,—האָט ראָמאנ געביסנ דעמ הערינג אונ געלאכט אינ דער סיווער באָרד ארײַנ,—נעט מיט אביסל זאלצ...

— אָ־אָ,—האָט יוליק זיכ אײַנגעשטעלט פאר דער שוועסטער,—דער טאטע פלעגט זי שטענדיק מיטנעמענ אפ געיעג...א גוטנ אויג האָט זי יוליע.

א טשאטע קוראָפּאטקעס האָבנ געשריִענ אינ טיפקײַט פונ וואלד. דאָס גאָלד אפ די סאָסנעס האָט זיכ אויסגעלאָשנ. ערגעצ צווישנ די הויכע אָסיקעס האָט א לעוואָנע געזוכט א וועג אינ הימל ארײַנ. דער פראָסט האָט א נעמ געטאָנ פאר די פיס. ראָמאנ האָט זיכ געבייזערט. אווראָמ סטאווקיִער האָט געדרייט די בוראשקענע היטל אינ אלע זײַטנ אונ ארײַנגעשריִענ אינ וואלד ארײַנ.

— קומ, האָט יוליק געזאָגט צו טאדעושנ,— מירנ זיי א זוכ טאָנ, רוכעס געפאסעווטע... פאָרנ דארפ מענ.

טאדעוש האָט זיכ ניט געריכט, ער האָט זיכ אזש פונ ווייטעק אײַנגעקאָרטשעט, ווי ער וואָלט פלוצימ פארקלעמט די פארפרוירענע פיס צווישנ די קלעצער. „זי וועט מיינענ, איכ לויפ איר נאָכ“. ער האָט אָנגעהויבנ טאדעושנ ארומטאנצנ ארומ שליטנ אונ זיכ געשאָלטנ, געוואָרטשעט. אָבער יוליק האָט אימ אוועקגעשלעפּט. די נאכט איז צוגעפאלנ, דער

פראָסט האָט געסמאַליעט. דער שײַטער איז שוינ לאַנג אויסגעגאַנגענ. גאָר טיפ אינ וואַלד ארום יאר האָבנ זײ זיכ אָפּגערופנ.

— נו, ווּ איז דער פוקס,—האָט זיכ יוליק געבײזערט,—די מענטשנ פרירנ, די פערד פרירנ. ס'איז דענ איצט אפ דעם א צײַט?

— זיכ אוועקגעשטעלט קראַצנ די פּאַטילניצע,—האָט יוליע געלאכט פונ האָראסימענ,—געמאַרקירט אזוי לאנג, ביז דער שפּור איז אויכ ארײַנ אינ דער ערד ארײַנ...

טאַדעוּש איז געגאנגענ שווײַגנדיקערהײט. געגרויכערט. פונ יוליענ האָט געשלאָגנ א הײסע פּארע. די אויגנ האָבנ איר געברענט ווי בא א וואָלפּ אינ דער פינצטער. יוליק מיט האָראסימענ האָבנ זיכ געשלעפּט צווישנ די ביימער פּאָרויס. געזונקענ ביז אריבער די שטיוול אינ שניי. דער הונט האָט געבילט. טאַדעוּשנ האָט געקלעמט עפּעס אינעווייניק, די הענט האָבנ זיכ אים אָנגעהויבנ אָנגיסנ, א וויִע האָט אים אָנגעהויבנ ציטערנ.

— יוליע,—האָט ער ווי אויסגעשריִענ,—טאָ צע וואָנאָ טאַק? זאָג עפּעס...

זי איז שטיינ געבליבנ, יוליע, אינ דער הורבע שניי צווישנ צוויי הויכע מילכ־ווײַסע בעריִאָזעס. זי האָט א ציטער געטאָנ, ווי א טאָפּאָל פאר א זאַווייע „וואָס זאָל איכ אים זאָגנ"?... אָט שטייט ער פאר איר, טאַדעוּש, אזא נאָענטער, אזא ווײַטער... ס'האָט א שלאָגגעטאָנ אינ איר א וואַרעמקײַט צו אים, זי האָט זיכ דערמאָנט אינעם פרילינג, ווי זי פלעגט לויפנ צו אים אינ פעלד ארײַנ, ער פלעג איר דערציילנ מײַסעס, לערנענ לייענענ. אונ אזא שטאַרקער איז ער געווענ. זי איז געשטאַנענ אָנגעשפּאַרט אינ דער בערעזע. טאַדעוּשס אויגנ האָבנ געפינקלט, ווי דער שניי אנטקעגנ דער לעוואָנע, וואָס שווימט איבערנ וואַלד. ווײַט פאָרויס האָבנ זיכ געשלעפּט האָראסימ מיט יוליקנ. דאָס קלינגערײַ צעשיט זיכ איבער דער נאַכט—דעמ הונט זעט מענ שוינ ניט. טאַדעוּש שטייט, ווי אנ אײַנגעגראָבענער. ער וויל איר עפּעס זאָגנ, ער וויל איר עפּעס דערקלערנ, סע זידנ אָבער אינ אים די בלוטנ. ער כריפּעט. זי האָט זיכ צוגעטוליעט צו אים. ער האָט זי אָפּגעוואָרפנ. יוליע איז א פאל געטאָנ אינ שניי ארײַנ. דער פארדראָס האָט זיכ אינ אים צעשפּילט. ער האָט זי אופגעהויבנ אונ זי גענומענ טרייסלענ, ווי א בארנ־בוים, אזש די פּאַטשיילע האָט זיכ איר אראָפּגערוקט פונעם קאָפּ. טאַדעוּש איז געוואָרנ אזוי ווילד, אז יוליע האָט אָנגעהויבנ צו שרײַענ פאר שרעק. אָבער האָראסימ מיט יוליקנ זײַנענ שוינ געווענ ווײַט. טיפ אינ וואַלד האָבנ האָזנ געשריִענ. ער האָט זי פלוצימ אָפּגעלאָזט אונ איז אוועק. טאַדעוּש איז געקראָכנ אינ טיפנ שניי אונ געפּײַפט, יוליע איז געגאנגענ הינטנ, פאַריכט די פּאַטשיילע אָפּנ קאָפּ אונ האָט געכליפּעט. ווענ זײ זײַנענ צוגעגאנגענ האָבנ שוינ די שליטנס גערירט. טאַדעוּש האָט זיכ ארופגעכאַפּט אפ האָראסימס שליטנ.

— וואַרט צו דיאַדקאָ, האָט יוליע געשריִענ צו האָראסימענ,—כ'וויל פאָרנ מיט אײַכ...

— זעצ זיכ,—האָט האָראסימ פאַרהאַלטנ די פערד,—סײַווי וועט אויסקומענ מער לויפנ, ווי פאָרנ.

יוליע האָט זיכ אוועקגעזעצט אפ די קלעצער נעבנ טאַדעוּשנ, די שליטנס האָבנ געסקריפּעט אפּנ פראָסט. א געדיכטע פּארע האָט געשלאָגנ פונ די מענטשנ, פונ די פערד. די לעוואָנע איז נאָכגעגאנגענ די פורנ. די הינט זײַנענ געלאָפנ בא דער זײַט. טאַדעוּש האָט געקוקט אפ די פולע שליטנס געהילצ אונ געשמייכלט:

מע פירט זי, די שקאָלע...

(פאָרזעצונג קומט)

ראָכל בוימוואָל

# אינ נעכט אינ ווינטיקע...

אינ נעכט אינ ווינטיקע פונ בלעטערדיקנ אָסיענ
ווענ פונ יעדנ צווײַג א ריטל ווערט,
כאפנ אופ אינ מיר זיכ טויזנטער פארדראָסנ—
איכ ווייס נאָכ ניט אזויפיל אפ דער ערד!

ניט איינמאָל ציט עס מיכ באנאכט צו אופשטיינ
אונ אָנהויבנ אפסנײַ. כ'בינ אלעס גרייט
אונ זאָל דער נעכטנ זײַנ מיר בלויז א פרווו־שטיינ
פאר קלונג פונ גאָלד פונ נײַעם טאָג וואָס גייט.

אזא אומענטשלעכער פארלאנג מיכ מאטערט—
עס צימ מיכ אומעטום אונ מיטאמאָל:
אינמיטנ נאכט—אינ וואלד, אפ יאמ־מיט אינ א קאטיער,
אינ שטערנדיקער הויכ, אינ טיפסטנ טאָל...

אונ מענטש איז בלויז א מענטש, אונ נאכט איז בלויז אפ שלאָפנ
אונ איכ א מענטש אינמיטנ נאכט שטיי אופ
עס איז די שויב אינ רעגנ־דיטשקעלעכ פארלאָפנ
צום קאלטנ פענצטער־שוועל איכ טוליע צו מײַנ גופ

איכ הער ווי ס'שלאָפט די שטאָט, עס אָטעמענ לאמטערנס,
אונ הויכנ אויס א שײַנ א געלע, ווי ציטרינ
אונ דאָרטנ אויבנ קנאָספנ זיכ די שטערנ
אונ מיר טיילט אָפ א שויב, אונ שויב איז אזוי דינ

אונ איכ דאָ הינטער שויב, אינ איינג הויט פארשלאָפנ
מיט אופגעוואכטער האָזע פונ געדאנק
זע צו, ווי ס'האָט א נאכט אפ שטאָט זיכ אויסגעגאָסנ
אונ ערגעצ הויכ א שטערנ צאנקט אונ צאנקט...

אָט דרינגט שוינ מארכ מײַנער אינ סאָד פונ יעדנ וויסנ
א נעס געשעט, אונ ס׳דוכט מיר, אז איכ ווייס,
וואָס טוט זיכ אפנ מארס, כ׳זע ראנגלענ יאמ מיט שיפנ,
כ׳שפיר נאָכ די זונ אינ איר געוואגטנ רייס.

אינ נעכט אינ ווינטיקע פונ בלעטער שיט שוינ מידנ,
שלינג איכ קנוילנווײַס מיט דורשט דעמ ווינט,
איכ פיל א וווּנדערלעכע קראפט אינ מײַנע גלידער
אונ פאר דער גרויער ערד איכ שעמ זיכ ווי א קינד.

---

# סימפאָניע.

שטיל איז געוועזנ אונ שטיל איז געבליבנ
גאָר שטיל האָט א פידל פארצויגנ א ניגנ
אינ א זײַדענעמ שנירעלע מענטשלעכנ טרויער
האָט סמיטשיק אײַנגעפעדעמט אינ אויער,
געשטײַגט אפ ארופ, אזוי הויכ זיכ פארצויגנ
אונ פלוצימ זיכ אָפגעריסנ דאָרט אויבנ...

ס׳האָט א ווײַלע געדויערט אונ אלצ האָט געשוויגנ
אונ ווידער דער זעלבער, נאָר ברוסטיקער ניגנ
אונ ס׳האָט זיכ געדוכט ס׳הויבט אָנ טאָגנ אונ העלנ
פונ אונטער די סמיטשקעס בא זעקס וויִאָלאָנטשעלנ
אונ ס׳האָט זיכ געדוכט אז די זונ איז ארויסעט,
ווענ ס׳האָבנ די פלייטנ די קליינע אונ גרויסע
מיט שטראליקנ ניגנ גענומענ צו פליסנ...
נאָר ווידער האָט עפּעס זיכ איבערגעריסנ
דאָס האָבנ די טרויבנ,
די מעשענע העלדזער פארהויבנ
אונ דאָרט ווו ס׳האָט פידל
מיט ציטער געשלענגלט איר ניגנ
דורכ טרעלנ, דורכ טרערנ
האָבנ מעשענע הערנ
מיט קרעפטיקע שטימענ
פאר פידל אונ פלייט זיכ גענומענ בארימענ.
איבערצײַגנד אונ צארט האָט פאגאָט זיכ געפרוווט עפּעס זאָגנ—
האָט א פויק זיכ צעהאָגלט,
האָבנ טאצנ מיט ראש זיכ צעקלונגענ,
אונ דער פידלס ניגנ

האָבנ אלע איניינעם געזונגענ
פונ מעשענע גאָרגלענ
פונ הילצערנע פלייטנ
פונ אָדערנ־סטרונעס
האָבנ ברייט זיכ צעצויגנ אונ איבערגעפלאָכטנ זיכ טויזנט ניגונים,
האָט צעעפנט זיכ אויער פאר צופלוס פונ קלאַנגענ,
ווי א דורשטיקער בלום שטרעקט זיכ אויסעט די זונ צו דערלאַנגענ,
האָט הארצ פולע עמערס געשעפט פונ צעזונגענעמ ברונעמ,
האָט אפ הארפע א ווינטל זיכ דורכגעשפאצירט איבער סטרונעס
אונ דערנאָכדעמ א צארטער פאגאָט האָט א לעצט מאָל געוואָרנט,
האָבנ טרויבנ דעמ ניגנ געפירט מיט א דורכזיכט א קלאָרנ
אונ צוביסלעכ אנשטומט...
זײַנענ בלויז וויאָלאָנטשעלנ געבליבנ,
זײַנענ זיי אויכ געוואָרנ אנטשוויגנ
האָט א פידל פארצויגנ א ניגנ
געשטײַגט אפ ארופ, אזוי הויכ זיכ פארצויגנ
אונ פלוצימ זיכ אָפגעריסנ דאָרט אויבנ...
— — — — — — — — — —

אונ ס׳האָט קיינעמ פונ אָרט ניט געגלוסט זיכ צו הויבנ...

ש. ברעגמאַנ

# די סרײפּע

אינ א פאַרנאַכט קומט דער אינוואַליד אנטאָס צו גוטערמאַנענ אינ שטוב, גיט אָפּ א ברייטנ „דאָבריוועטשער“ אונ שטעקט אריַינ ברודעריש זײַנ אײנציקע האַנט אפריער שליימענ, דערנאָכ זײַנ טאַטנ. גוטערמאַנס מאַמע גיט ער א ווינק מיטנ קאָפּ. דערנאָכ פרעגט ער ניט גלײַכגילטיק (דאָס פילט זיכ אינ דעמ שפּילנ פונ זײַנע גרויע אויגנ):

— וואָס אפּ אינגאַנצנ, צי נאָר אפּ פּאָביוּקע?

גוטערמאַנ קענ דאָכ אנטאָסנ נאָכ פונ פופצטנ יאָר, ער געדענקט אימ ווענ ער האָט זיכ געקריגט מיטנ באַלעגופּס פּעטראָוויטשעס זונדל, מיט מיכאַלנ, קוקט ער אימ פרײלעכ אָנ, וויל אימ אָפּענטפערנ, נאָר אנטאָס גיט צו:

— איז אויב נאָר אפּ פּאָביוּקעס, טאָ שיק זיי, בלײַב א היגער...

— וואָס איז דענ, צוואָס דאַרפסטו מיכ דאָ האָבנ? פרעגט גוטערמאַנ צופרידנ.

— אָט, מיט דיר אינײנעמ... מירנ עפּעס אופּקאַליאַקענ... אינ צווייענ, פאַרשטייסט?...

— קענסט מיר דענ, ווייסט מײַנע מײַלעס?

— זײַ שוינ רויִק.

אנטאָס פאַרדרייט דערבײַ זײַנ לינקנ וואָנצ אפּ ארופּ, גיט א צי די הייזנ, זעצט זיכ אנטקעגנ גוטערמאַנענ אונ זאָגט צו אימ ווי א סאָד:

— מירנ... אונטערצינדנ וואָס?...

בא אנטאָנענ זײַנענ שטיינ געבליבנ די אויגנ, זײַנ שאַרפע נאָז האָט זיכ פאַרשפּיצט, זײַנע ביידע אויערנ האָבנ זיכ אָנגעשטעלט.

גוטערמאַנ האָט אינ דער גאַנצער פיגור אנטאָנעס דערפילט, אז דער אינוואַליד אנטאָס שפּאַסט ניט, ער האָט איבערגעפרעגט:

— אונטערצינדנ? מיינסט דאָכ... ער האָט א ווינק געטאָנ מיט די אויגנ צומ מײַרעוו, צומ פּאָרעצ אָרדעס מאַיאָנטקעס—דאָס איז א זאַכ, אָבער...

גוטערמאַנ איז ארויס פונ פאַרנ טיש, אָנגעהויבנ שפּאַנענ איבערנ שטוב, פאַרוקט ביידע הענט אינ די הויזנ־קעשענעס, מער א וואָרט ניט ארויסגעזאָגט.

אנטאָס האָט זיכ אויסגעקערעוועט צו אימ מיטנ פּאָנעמ, זיכ באַגעגנט מיט גוטערמאַנס פאַרקלערטע אויגנ אונ מיט קאַעס געפרעגט:

— וואָ־אָס, זשאַלעוועסט, א ראַכמאָנעס אפּ די פּריצימ?

— גוטערמאַנ איז געווענ צוגעשפּאַרט צומ וואַנט, ער האָט שמייכלענדיק אָפּגעענטפערט:

— איכ, שאַנע־ווע־ע? איכ? אָבער דו פאַרשטייסט... ער האָט א ווונק געטאָנ צו אנ־טאָסנ, אז ער וויל ניט די שטוביקע זאָלנ הערנ וועגנ זייער שמועס.

איז גוטערמאנ צוריק צוגעגאנגענ צומ טיש אונ א ביסל אופגערעגט געזאָגט צו אנטאָסנ:

— אויב דו באשולדיקסט מיכ אינ דעמ, אז איכ פארטיידיק פריצימ, דערקלער איכ דיר: האָסט געהערט וועגנ באָלשעוויקעס? געהערט—איז גוט. איז זאָלסטע טאקע וויסנ: באָלשעוויקעס זײַנענ פאר דעמ, אז די ערד זאָל אָפּגעגעבנ ווערנ די אָרעמע פויערימ אָנ אויסקויפ־געלט. די באָלשעוויקעס פירנ איצטער א קאמפ מיט אלע די, וואָס ווילנ פאר־קנעכטנ צוריק דעמ ארבעטער אונ פויער.

— טאָ וואָס דרייסטע מיטנ ווידל? בינ איכ דאָכ גערעכט מיטנ אונטערצינדנ, לאָזנ מיטנ רויטנ הענדל.

אנטאָס גיט א פליעשטשע מיט איינ אויג:

— זיי פארזייענ דאָכ ווידער אפּ ווינטער... די פריצימ טוענ זיכ זייערס אונ מיר וועלנ ווידער פויכנענ? ער גיט זיכ אָנ איבערנ טיש צו גוטערמאנענ אונ זאָגט בייז:

— וואָס עס לייגט זיכ אָפּ, טויג ניט. די וואָס גייענ מיט מיר זײַנענ עכטער סאָרט מענטשנ, פארשטייסט?

גוטערמאנ גיט זיכ אָבער ניט אונטער:

צינדנ? אָבער די פאלאצנ וואָלטנ דאָכ אונדז אליינ צונוצגעקומענ?

— ווענ מע האקט ביימער, שאנעוועט מענ ניט קיינ צווײַגנ, געדענק דאָס...

אינ אנטאָסעס אויגנ ווערט פינצטערער, זײַנ שינעל, וואָס הענגט אפּ איינ אקסל ניט קיינ פארשפיליעטער, רוקט זיכ אראָפּ, ער פארענדיקט.

— וואָס מיינסטע איז איצטער געבליבנ די פויערימ צו טאָנ, ווענ קיינ קייסער איז שוינ ניטאָ, ווענ די רײַכע קוקנ נאָר פאר זיכ: די פריצימ קלערנ גאָר ניט צו אָפּגעבנ די ערד, אונ די אָרעמקײַט איז שרעקלעכ? שווײַגסט?

אנטאָס הייבט זיכ פונ בענקל, דערלאנגט איבערנ טיש גוטערמאנענ זײַנ פארקאָרוז־לעטע האנט:

ער רוקט ארופ זײַנ סאָלדאטישע היטל טיפ אפנ שטערנ אונ גייט צומ טיר

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גוטערמאנ איז געבליבנ זיצנ ווי אפּ הייסע קוילנ: „וואָס זאָל ער דאָ טאָנ? ער ווייס גאָר ניט פונ וואָס אָנצוהייבנ: אליינ איז ער רוי. מיט וועמענ זיכ אייצענענ—ניטאָ. זאָל ער איבערלאָזנ די פויערימ זיי זאָלנ אליינ אָפּטאָנ די „ארבעט" צויאָגנ די פריצימ... זאָל א הוליע טאָנ די סטיכיע? וואָלט דאָ געווענ אנ אָפּטע פאָטשט, וואָלט ער געהאט אפנ פאָזי־ציע וועמענ ניט איז פונ באקאנטע... דאָרטנ ווייס מענ געוויס ווי זיכ צו האלטנ אינ אזעלכע פאלנ... פאראנ דאָרטנ באָלשעוויקעס, אגיטאטערנ.

גוטערמאנס מאמע האָט שוינ פאריכט דעמ זאק, זי קוקט איצטער אפּ איר עלטערנ זונ, קענ זיכ ניט אײַנהאלטנ:

— וואָס, פרעגט זי, זיצסטו אזוי אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ? וואָס דײַגעסטע, ווי א געזינד וואָלט דיר באפאלנ. ביזט דאָכ אזוי אויכ קראנק, זי הייבט זיכ אופ פונ באנק, וואָס באמ הרובע, טרייסלט אָפּ דעמ שטויב פונ איר שויס:

— אָט, איכ וועל דיר געבנ עפּעס אינ מויל, לייג זיכ בעסער אונ רו זיכ אויס, האָסט ניט ווייניק זיכ אויסגעוואלגערט פאר די עטלעכע יאָרנ מילכאָמע.

גוטערמאנ האָט געשמייכלט, מיטנ האנט האָט ער פארקעמט זײַנע אָפּגעוואקסענע האָר אפנ קאָפּ, זיכ אויסגעגלײַכט, אוועק דערנאָכ וואשנ די הענט אונ געגעסנ אָרונט־ברויט.

ער האָט זיך פרי געלייגט שלאָפן. אָבער אויך אפן געלעגער האָט ער זיך לאנג ניט באפרײַט פון מאטערנדיקע גערדאנקען:

— וואָלט געווען מיט וועמען זיך אופריידן. זיך פארבינדן מיט אן אָרגאניזאציע, מיט עכטע, מיט גוטבאוווּסטזיניקע באָלשעוויקעס...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער קנופ־סטאנציע:

— אָט דאָרטן זײַנען געווען רעדנער,—וואָלט ער איצטער האָבן אזא ווי דער, וואָס מיטן ברייטן שטערן... די געשאָרענע פרוי...

איז אָבער צו יענער שטאָט, ווו די קנופ־סטאנציע, א סאך ווערסטן. און צו דער וואָס איז נאָענט איז ניט צו דערלאנגען—זי איז אָקופירט פון די דײַטשן.

נאָך אינדערפרי איז גוטערמאן אופגעשטאנען א גרייטער צו אופזוכן אנטאָסן, מיט אים א ערנסטן שמועס טאָן, זיך דערריידן וועגן אָרגאניזירטקייט... ער איז אָבער אומזיסט אומגעגאנגען פון איין עק דאָרף צום צווייטן, אנטאָסן ניט באגעגנט.

האָט ער זיך צוגעהערט צו דער שטימונג פון די פויערים, זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער טאקע מיט דעם זעלבן סאָלדאט פון דער קאָנוואָינע, וואָס האָט אים דעם ערשטן מאָל הארב געענטפערט.

— וואָס, האָט געפרעגט גוטערמאן, איר קלײַבט זיך נאָך ניט אהיים, אײַך האָט נאָך ניט דערעסן?

דאָס מאָל האָט סוועטליאקאָוו גוטערמאנען אָפגעענטפערט רויִק, מיט דערעכערעץ, ער האָט אים ניט גאָר אפן קאָל געזאָגט:

— וואָלטן דאָ געווען די מערהײַט ארבעטער, וואָלט די שפּיל גאָר אן אנדער אויסזען באקומען, אז איינער שלעפט צו זיך אין יאראָסלאווער גובערניע, דער צווייטער אין אר־כאנגעלסק.

אָבער פון דעם איז בא גוטערמאנען די שטימונג ניט געביטן געוואָרן, ער איז אָפּ פון סוועטליאקאָוון, אזא ווי ער איז צו אים צו.

גוטערמאן איז אוועק א היים, זיך פארנומען מיט לייענען (ער האָט פון ראָסטאָוו גע־בראכט מיט זיך א ביסל פּאָליטישע ליטעראטור).

אזוי רויִק, אָן שום געשעענישן איז דורך א טאָג און צוויי.

גוטערמאן האָט נאָך אלץ געטראכט ריידן מיט אנטאָסן, בעטן אים ער זאָל ברענגען צו אים די איבעריקע פויערים, נאָר גוטערמאן האָט א טאָעס געהאט. אנטאָס איז צו אים מער ניט געקומען.

דערפאר, אין דער דריטער נאכט, נאָך דעם ווי אנטאָס האָט מיט גוטערמאנען גערעדט וועגן צינדן, האָבן גלעקער־קלונגען זיך געשלאָגן אָן קליינע קוואדראטנע פענצטער־שײַבלעך פון פויערשע הײַזלעך, אָן פארשיווערטע פון ווינט און רעגן קליִעטן־טירן, אָן דראנעצעס פון שײַער־טויערן.

דער קלויסטערשער טומל פון גלעקער האָט אופגעהייבן פון אונטער רעדנעס, פון אונטער פערענעס, ארויסגעיאָגט פון ווארעמע הײַזער און קאלטע שײַערס.

די שווארצע סאָפּ כוידעשדיקע נאכט איז געווען באגאָסן מיט אָכרע־פארב, דער הימל האָט געשפּאקליעוועט אפריִער מיט רויטן קיט, דערנאָך האָט זיך צוכוואליעט א רויט פלא־מיקע פאָן.

גרויסע פונקען, ווי אויסרופצייכנס, האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט... פעכיקע גאָנ־טעס פון דעכער זײַנען געפלויגן אפ ארופ און געפאלן ערגעצ ווײַט הינטער דעם קאלטן וואלד.

גוטערמאַן איז שלעכט געשלאָפן, דאָס וואָרט „פּאָזשאַר“, וואָס אַנטאָס האָט איבערגע־לאָזן נאָך זײַן אַוועקגאַנג, האָט געבערנט זײַנע געדאַנקען.

ער האָט דער ערשטער דערהערט דעם ציטער פון צעטרײסלטער לופט, דעם גלעקער־קלונג.

ער איז געווען אין דרויסן:

אַ פֿינצטערע האַרבסטיקע נאַכט איז געשוווּמען פון מיזרח, פון צאָפן און פון דאָרעם נאָר פון איין זײַט—פון מײַרעוו האָט זיך געגאָסן אַ פלאַקער.

דער קלײסטערשער גלאָקן־קלאַנג האָט אָן אויפהער געהאַקט די שוואַרצע קראָ־פליגלען פון נאַכט... פלאַקער־צינגער האָבן געלעקט די צעריסענע שטילקײַט, און מעשענע סרײפע־פײַ־לען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט פון דעם פאָרעצס אָרדעס גוט, איבער זײַנע סאָסנע־און יאָדלע וועלדער.

דער גאַנצער דאָרף פויערים איז געווען אַף די פיס:

צולאַכודרעטע, אַלטע פויערטעס, מיטליאָריקע מיט צעשאָטענע האָר, זײַנען אומגעלאָפן פון איין זײַט גאַס אין דער צווייטער, פון איין קופּקע מענטשן צו דער אַנדערער, געלייגט צײַלעמער, זיך געבוקט צו דער ערד, געבראָכן מיט די הענט און געיאָמערט;

— באָזשעוזש־מאָי, באָזשעוזש־מאָי?...

מיידלעך און יאַטן זײַנען געלאָפן צום הייכן בערגל, וואָס באַם שפּײַכלער...

קינדער זײַנען געקראָכן אַף פאַרקאַנעס, זיך געוויגט אַף נאַקעטע צווײַגן פון בעראָזע־ביימער, געלעגן אַף מאָך־באַוואָקסענע דעכער, ווי אַ סטאַדע שפּסן, און צופרידן געקוקט צו יענער זײַט, פון וואַנען עס האָט געקאַטשעט געדיכטער פלאַקער...

פון הײַזער האָט זיך געטראָגן געוויין פון זויג־קינדער, גוואַלדן פון קלײנוואַרג.

פון די שטאַלן אַ רעוועריי פון בהיימעס.

עס האָבן געהירזשעט די פערד, וואָס זײַנען געווען אַפן „נאַטשלעג“ ניט ווײַט פון דאָרף. געבולן די הינט.

עלטערע פויערים מיט ניט קיין געשאָרענע קעפּ, מיט טשופּרינעס פון סוקאָוואַטע וויאַזן און יונגע דעמבלעך, האָבן זיך שטאַרק געקראַצט די פאַרוואַקסענע מיט האָר דאַרע הערצער, געטראָטן פאַמעלעך, ווי זיי טרעטן אַף אַן אומטערגעצונדענער פון פאַסטעכער ניט געקאָסטעטער לאַנקע...

רויק זײַנען פון די פויערים אַרומגעגאַנגען די קאַליוזשקעס און בלאָטקעס, וואָס זײַ־נען פאַרבליבן נאָך דעם באַטאָניקן רעגן.

זייערע אויגן זײַנען געווען אָנגעפילטע מיט פרייד. די פּנעמער געשײַנט ווי צײַטיקע קירבעסן אַף דער אָפענער זון.

נאָר אייניקע האָבן ניט אויפגעהערט צו שעפּטשען טפילעס.

עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען:

— דאָס ברענט געוויס דער בראָווער, אַזאַ בלויער פײַער איז גאָר פון ספּירט...

האָבן מיר אַ דײַגע, האָבן זיך אָנגערופן אַנדערע, וואָס מיר האָבן שוין פון אים גע־האַט פאַר אַ נוצן.

געווען אויך עטלעכע פאַרשלאָפענע ייִדן, ייִדישע ווײַבער, מיידלעך: די אַלטע האָבן צו די פרומע פויערים געשעפּטשעט קרישמע, די יונגע האָבן זיך געוויצלט, געריבן זיך איינע צו איינער, געשריִען קאַלט.

עס האָבן געכאַפּט אַ ציטער קינדער פון זיבן־אַכט יאָריקן עלטער.

אַלטע לײַט האָבן זיך געטאָפּטשעט אַף א אָרט.

קײן אײנער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט אַף גײן לעשן דעם פײַער פון דעם ברע־נענדיקן פּאַרעצס גוט.

גוטערמאַן איז געשטאַנען מיט עטלעכע מײדלעך, נאָר ער איז געווען פאַרנומען מיט זײַנע אײגענע געדאַנקען, ניט פאַרגעסן אַנטאָסעס שטײענדיקע אויגן, ווען ער האָט גע־רעדט וועגן אונטערצינדן.

עס איז צוגעקומען סוועטליאַקאָוו, דער סאָלדאַט פון דער קאָנוואָינער ראָטע, געדריקט גוטערמאַנס האַנט און אים אָפּגערופן אָן א זײַט:

— וואָס זאָגסטו עפּעס, מע האָט אונדז אופגעוועקט, געהײסן זיך שטעלן „מיטן ביקס", ווי מײנסטו, צי וויל ניט אָפּטער אונדזער קאַפּיטאַן מיט אונדז הײסע קוילן פאַרשאַרן? ער וויל מיר זאָלן גײן פאַרטײדיקן דעם פּאַרעצס גוט?

— אַלצ קען טרעפן,—האָט גלײַך געזאָגט גוטערמאַן.—וואָס קלערסט איר אָנעמען פאַר א באַשלוס?

— אָט דאָס בין איך דאָך געקומען, קאַם דיר אָפּגעזוכט...

— ניט גײן, האָט קאַטעגאָריש אָפּגעשניטן גוטערמאַן, וואָס וועט ער אײַך איצטער טאָן?

— בא מיר איז אויך אזא מײנונג, אָבער דו מיש זיך ניט, איך וועל שוין...

סוועטליאַקאָוו האָט א דריק געטאָן גוטערמאַנען באַם געלענק און איז אוועק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניט געקאַפּט, אײנציקווײַז האָבן זיך געקליבן די קאָנוואָינע סאָלדאַטן, געשטעלט זיך מיט ביקסן אין סטראָי.

געקומען דער קאַפּיטאַן קורבאַטאָוו.

דער אונטער־אָפיצער האָט פון זײַנטוועגן געקאָמאַנדעוועט „סמירנאָ"!...

סאָלדאַטן זײַנען געשטאַנען רויִק, נאָר די ביקסן פון דער ערד האָבן זיך אַף די אַקסלען ניט פאַרהײבן.

באַם קאַפּיטאַן איז אַשיק געוואָרן דער פּאָנעם, ער האָט ניט געקענט צושפּיליען די פּראָטופּײע (די פּראַזשקע האָט זיך ניט געגעבן)... און די שווערד איז געבליבן ניט פאַרשפּיליעט.

ער האָט באַפוילן:

— וואָלנאָ!

וויבאַלד „וואָלנאָ" האָבן זיך בא סאָלדאַטן די צינגער צעבונדן.

— אויב עס ברענט, דאַרף דאָס אזוי זײַן,

— ניט אונדזער גוטס, ניט מיר דאַרפן לעשן.

— און ניט אונדזער העזעק.

— ווי גרינג עס איז אָנגעקומען—אזוי גרינג זאָל עס גײן...

דער קאַפּיטאַן האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, ער האָט נאָר אָנגעשריִען אַף די קלײנע קינדער, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרײט ניט ווײַט פון די אויסגעשטעלטע סאָלדאַטן, האָט פאַרויכערט, ווידער באַפוילן:

— ניט פאַנאַנדערלאָזן...

און איז אוועק צו זיך אין וווינונג.

ניט ווײַט פון די סאָלדאטן זײַנען געשטאַנען די באַלעגופים פון דאָרף, דער אַלטער קאַטשאַנאָווסקע, און אויך פּעטראָוויטש, זיי האָבן זיך דערוואַרט ביז עס איז אַוועק דער אָפיצער און זיך געווענדעט צו די סאָלדאַטן:

— וואָס מיינט איר, באַדאַרפט צוגיין, איר וואָלט אָפּגעשטעלט, דאָרטן גראַבעוועט מען געוויס...

— אַלטינקער, האָט געזאָגט סוועטליאַקאָוו, דאָס נעמען אָפּ זייער געצאָלט די, וואָס האָבן לאַנגע יאָרן געאַרבעט אומזיסט...

האָבן זיך ביידע אַלטע באַלעגופים איבערגעציילעמט, מערער ניט גערעדט, זיך „אָפּגעטראָגן“...

סוועטליאַקאָוו האָט זיך געווענדעט צו די סאָלדאַטן:

— איך מיין,—האָט ער געזאָגט,—מיט זײַן באַסיקער שטימע, אַז באַם קאַפּיטאַן זײַנען געווען גוטע פאַרלאַנגען, ער האָט געוואָלט...

עטלעכע האָבן איבערגעשלאָגן:

— וויבאַלד מע האָט אונטערגעצונדן, איז דער פּאָרעץ געוויס אַרײַן אין די געדערים די היגע פּויערים.

— און וועלכע פּריצים זײַנען געווען גוט, ניט געמאָרעט זייערע באַטראַקעס?

— איז געבליבן אָפּ ניט?—האָט זיך געווענדעט צו די איבעריקע סאָלדאַטן סוועטליאַקאָוו.

— וועלכער נאָר וועט דאָס גיין...

— מיט אַ געזונטער קאָפּ אין אַ קראַנקער בעט...

— זאָלן גיין די, וואָס האָבן גאָלדענע פּאָהאָנעס אָפּ די שינעלן.

גוטערמאַן האָט פון ווײַטן געקוקט אָפּ די סאָלדאַטן, און ווען אָפּן דרויסן איז שוין חייניק וועך געבליבן, איז ער צוגעגאַנגען צו די סאָלדאַטן, אָפּגערופן סוועטליאַקאָוון און געפרעגט:

— וואָס איז געבליבן? ניט גיין. אָט דאָס ביזטו אַ לײַט. ער האָט אים אַ דריק געטאָן די האַנט און אין דער צײַט אַ ציטער געטאָן.

סוועטליאַקאָוו האָט אים געייצעט:

— גיי אין שטוב, ביזט אַ קראַנקער, וועסט איבערפרירן.

נאָר גוטערמאַנען איז ניט קאַלט געווען פון דער נאַכטיקער לופט.

ער איז נאָך אומגעגאַנגען עטלעכע מאָל הין צוריק די גאַס.

פאַרבליבן זײַנען נאָר גאָר אַלטע, וואָס דאַרפן ווייניק שלאָפן, און יונגעלעכע וועמען דער שלאָף „נעמט ניט“.

גוטערמאַן האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס די אַלטע לײַט האָבן גערעדט...

— איצטער וועט שוין אָפּט ברענען, האָט געזאָגט פּאַווליוק דער טויבער, פריִער איז געווען דער קייסער, ער האָט זיך אָנגענומען פאַר די פּריצים, איצטער־ווער?

פון דעם האָט זיך גוטערמאַן ווי פרײַער דערפילט.

# ווסס״ר די אָרדענטרעגערישע

„פאר די אָנגעוויזענע דערפּאָלגנ אינ פּארלויפ פונ א ריי יאָרנ אינ געביט פונ
דער לאנדווירטשאפט אזוי אויכ אינ געביט פונ דער אינדוסטריע, באשטימט דער
צענטראלער אויספיר־קאָמיטעט פססר;
באלוינענ מיט א לענינ־אָרדענ:
... די ווײַסרוסישע ססר און אויכ דעם ערשטנ סעקרעטאר פונ צק קפּ(ב)
פונ ווײַסרוסלאנד כ׳ גיקאלאָ נ. פ. אונ דעם פּאָרזיצער פונ ראטפּאָלקאָם פונ דער
ווײַסרוסישער ססר כ׳ גאָלאָדעד נ. מ.״

ס׳איז ניטאָ קיינ העכערס פאר באָלשעוויקעס ווי צו באקומענ א לענינ אָרדענ. די
גרויסע ערע אונ באלוינונג קענ ניט ניט ארויסרופנ א געפיל פונ שטאָלצ בא אלע ארבע־
טער, בא אלע קאָלווירטניקעס, בא אלע קאָמוניסטנ פונ ווסס״ר.

דער לענינ־אָרדענ, וועלכנ ס׳האָט באקומענ אונדזער רעפּובליק צוזאמענ מיט א גאנצער
ריי אנדערע קאנטנ, געגנטנ, אונ רעפּובליקנ, דינט פאר א בולטענ אויסדריק פונ דעם אלגע־
מיינעם וווקס אונ א׳פשטײַג פונ דער סאָציאַליסטישער ווירטשאפט פונ פססר, וועלכע
אונדזער לאנד האָט זיכ דערשלאָגנ אונטער דער קלוגער אָנפירונג פונ כ׳ סטאלינ.

אומאָפּגעלעכ פּארווירקלעכנדיק די לעניניש־סטאלינישע פּאָליטיק פונ דער סאָציאַליס־
טישער אינדוסטריאליזאציע אונ קאָלעקטיוויזאציע, האָט דער ארבעטער־קלאס פונ פססר
אינעם קירצסטנ טערמינ גרינטלעכ געענדערט דעם פּאָנעם פונ סאָוועטנלאנד, מאכנדיק אים
פאר א לאנד פונ דער פּאָרגעשריטענער אינדוסטריע אונ פונ דער גרעסטער לאנדווירט־
שאפט. אונדזער לאנד איז פונ רוסלאנד דער נעפּישער געוואָרנ רוסלאנד די סאָציאַליס־
טישע.

ווסס״ר, ווי א טייל פונ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד, האָט בא דער אקטיווער הילפ פונ די
ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנפארבאנד, אונטער דער אָנפירונג פונ צק אלקפּ(ב) זיכ דערשלאָגנ
קאָלאָסאלע זיגנ אפ אלע באצירקנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. די קאָלווירטישע אָרדע־
נונג האָט בא אונדז ענדגילטיק געזיגט. 3/4 פויערישע ווירטשאפטנ פונ ווסס״ר זײַנענ ארומ־
געכאפּט מיט דער קאָלעקטיוויזאציע. העכער 90 פּראָצ. פונעם פארזײ־שעטעכ געפינט זיכ
אינ סאָציאַליסטישנ סעקטער. דאָס באלעגופנטום איז צעגראָמירט. די הויפטלעכע, באשליסנ־
דיקע ראָל געהערט די סאָווירטנ אונ קאָלווירטנ.

אינ ווסס״ר איז אָפּגעטאָנ געוואָרנ א גרויסע ארבעט אפ צו אנטוויקלענ די סאָציאַליס־
טישע אינדוסטריע. העכער 300 מיליאָנ רובל זײַנענ ארײַנגעלייגט געוואָרנ אינ דער קאפּי־
טאלער בויונג פונ דער אינדוסטריע פאר די לעצטע 3—4 יאָר. דער אלגעמיינער סכום פּראָ־
דוקציע פונ דער פארבאנדישער אונ רעפּובליקאנישער אינדוסטריע האָט אינ 1934 י. דער־

גרייכט 789,2 מיליאָנ רובל אָנשטאָט די 126,3 מיליאָנ רובל אינ 1928 י. א וווקס—מער
ווי אינ 5 מאָל. דער אלגעמיינער סכום פראָדוקציע פונ דער אינדוסטריע אינ 1935 י.
וועט דערגרייכנ 1,5 מיליארד רובל.

דער ספעציפישער געוויכט פונ דער אינדוסטריע אינ דער אלגעמיינער פראָדוקציע פונ
דער פאָלקווירטשאפט איז אויסגעוואקסנ פונ 40 פראָצ. אינ 1928 י. ביז 70 פראָצ. אינ
1934 י. דער ספעציפישער געוויכט פונ דער פראָדוקציע פונ דער צענזנ־אינדוסטריע
אינ ווססר, אינ דער אלגעמיינ־פארבאנדישער אינדוסטריע, איז פאר די לעצטע 3—4 יאָר
אויסגעוואקסנ מער ווי אינ 2 מאָל. עס זײַנעג געגוג בלויז די דאָזיקע אָנגאבנ אפ קאָנ־
סטאנטירנ דעמ פאקט, אז ווססר איז איבערגעאנדערשט געוואָרנ פונ א פרײַער אָפגעשטאַ־
נענעם לאנד אינ א פאָרויסגייענדיקער, בליִענדיקער, אינדוסטריִעל־אגרארער סאָציִאליסטישער
רעפובליק.

דידאָזיקע דערפאָלגנ אונ זיגנ אינ דער לאנדווירטשאפט, אינדוסטריע, אפנ פראָנט פונ
דער נאציִאָנאל־קולטורעלער בויונג זײַנענ ניט געקומענ מיטנ זעלבסטפלוס. זיי זײַנענ אויס־
געקעמפט געוואָרנ דורכ דער רויערנדיקער אײַנגעשפארטער באָלשעוויסטישער ארבעט פונ
דער גאנצער קפ(ב)וו אונ אונטער איר אָנפירונג—דורכ די ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס
פונ ווססר. די דאָזיקע דערפאָלגנ אונ זיגנ זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ אונטער דער קלוגער
אָנפירונג פונ צק אלקפ(ב) אונ פונ אונדזער פירער — דעמ כ׳ סטאלינ, אונטער דער
דירעקטער אָנפירונג פונ צק קפ(ב)וו אונ דעמ אָנפירער פונ די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוס־
לאנד—דעמ כ׳ גיקאלאָ.

אינ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דעמ קלאסנ־סוינע אונ זײַנ אגענטור, קעגנ די
קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטנ־זינאָוויעווצעס, קעגנ די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ, קעגנ
דער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער נאצדעמאָקראַטישינע אונ נאציאָנאליסטנ פונ אנדערע קאָלירנ,
קעגנ די נאצאָפּאָרטוניסטנ—האָט די קפ(ב)וו פאנאנדערגעוויקלט א העראָישע ארבעט אפ
סאָציִאליסטיש רעקאָנסטרויִרנ די לאנדווירטשאפט, אפ אנטוויקלענ אונדזער אינדוסטריע.

* * *

אונדזער באוועגנ זיכ פאָרויס באגעגנט א ווילדנ ווידערשטאנד מיצאד דעמ נאָכ עגד־
גילטיק ניט דערשלאָגענעמ קלאסנ־סוינע אונ זײַנ אגענטור. דער קלאסנ־סוינע קלײַבט
ניט איבער קיינ מיטלענ. שעדיקערײַ, שפיאָנאזש, פראָוואָקאציע, טעראָר זײַנענ די מעטאָדנ
פונ זײַנ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע ארבעט. באנוצנדיק זיכ מיט דער אָפגעשוואכטקײַט פונ
דער באָלשעוויסטישער וואכזאמקײַט אפ באזונדערע באצירקנ פונ אונדזער ארבעט, האָבנ
דער קלאסנ־סוינע אונ זײַנ אגענטור ניט ווייניק שאָדנ אונדז אָנגעטאָנ אינ די ברויט־פאר־
גרייטונגענ פונ 1932 י., באמ דורכפירנ דעמ פרילינג־פארזיי פונ 1933 י., אינ דער קאָל־
ווירטישער בויונג אונ מטס, אינ דער ערד־אײַנאָרדענונג, אינ דער ווײַסרוסיזאציע (דער
איניעג פונ לערער סצעפורא), אינ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג א. א. וו.

די אקטיווע הילפ מיצאד דעמ צק אלקפ(ב) אונ פערזענלעכ פונ כ׳ סטאלינ, דער
קפ(ב)וו אינ אויסגלײַכנ די פעלערנ, וועלכע זי האָט דערלאָזנ (די פארגרייטונגענ, דער איניעג
סצעפורא א. אנד.) האָט באוואָפנט די פארטייִשע אָרגאניזאציעס, האָט אופגעהויבנ זייער
קלאסנ־וואכזאמקײַט אונ האָט זיכ נאָכ מערער באהעפט ארומ דעמ סטאלינישנ צק פונ דער
לענינישער פארטיי.

צעגראָמירנדיק און אופדעקנדיק דעם קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם, פארשטארקנדיק דעם קאמפ קעגן אלע מינים פון בורזשואזן נאציאָנאליזם, ארויסווארפנדיק פון אירע רייען די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע, בונדישע, נאציאָנאל־דעמאָקראטישע גרויסהערשערישע עלעמענטן, פארפעסטיקנדיקן די אנטשיידיקע באצירקן מיט אויסגעפרוּווטע באָלשעוויסטישע קאדרען, הערכערנדיק די וואכזאמקייט קעגן די קלאסנ־פיינטלעכע עלעמענטן, צעברעכנדיק דעם ווידערשטאנד פון באלעגופנטום אין די ברויט־פארגרייטונגען האָט די קפ(ב)וו אונטער דער אָנפירונג פון כ' ג י ק א ל אָ זיך דערשלאָגן די קאָלאָסאלסטע דערפאָלגן אפ אלע באצירקן פון דער סאָציאליסטישער בויונג.

דאָס אָפרייניקן די פארטיי פון פרעמדע, טראָצקיסטישע, נאציאָנאליסטישע און אינ־אלגעמיין צעלייגטע און איבערגעבוירענע עלעמענטן האָט נאָך מערער קאָנצענטרירט און צעמענטירט די פארטייישע אָרגאניזאציע פון ווייסרוסלאנד ארום דעם כ' סטאלין, ארום דעם צק קפ(ב)וו און איר אָנפירער דעם כ' גיקאלאָ.

די קפ(ב)וו האָט געשאפן א פעסטן רוקנביין פון אויסגעצייכנטע באָלשעוויקעס: ווייסרוסן, ייִדן, פאָליאקן, א. אנד. דידאָזיקע באָלשעוויקעס זיינען דערצויגן געוואָרן און האָבן זיך פארהארטעוועט אין קאמפ קעגן די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאציאָנאליסטן, טראָצקיסטן, בונדאָווצעס, קעגן די באלעגופישע עלעמענטן, וועלכע ווייזן ארויס צעפוילטן ליבעראליזם אין באצוג צו די, וואָס פילן ניט אויס די מעלוכישע פארפליכטונגען.

„אָנשפארנדיק זיך אפן קאָלווירטישן אקטיוו, וואָס איז פאר די לעצטע יאָרן אויסגעוואקסן, האָט זיך די קפ(ב)וו דערשלאָגן אין 1934 י. אן אנטשיידענע פארבעסערונג פון דער פארטייישער און סאָוועטישער ארבעט אפ אלע באצירקן פון דער סאָציאליסטישער בויונג. באזונדערס בולעט האָט זיך עס אָפגערופן אפ דורכפירן דעם פאָרזיי און דעם שניט און אינעם אויספילן דורך די קאָלווירטניקעס און אינדיווידואלן זייערע פארפליכטונגען פאר דער מעלוכע" (ג י ק א ל אָ).

באזונדערס גרויסע דערפאָלגן אין געביט פון אנטוויקלען די לאנדווירטשאפט און די אינדוסטריע, האָט זיך אונדזער רעפובליק דערשלאָגן אין פאָריקן 1934 י.

באוואָפנט מיט די היסטאָרישע באשלוסן פון 17־טן פארטיי־צוזאמענפאָר, האָבן די באָלשעוויקעס פון ווייסרוסלאנד אונטער דער אָנפירונג פון זייער צק, געארבעט טאָג איין, טאָג אויס אפ צו פארווירקלעכן די גרויסע אופגאבעס, וואָס זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן דורכן פארטיי־צוזאמענפאָר און דורך די אָנווייזונגען פון כ' סטאלין. אפן גרונט פון פאנאנדערוויקלען דעם סאָציאליסטישן געוועט מיטן מיירעוו־געגנט און פון דעם אינערלעכ־רעפובליקאנישן געוועט צווישן די ראיאָנען, קאָלווירטן, סאָווירטן, אונטערנעמונגען איז געגאנגען אן איינגעשפארטער קאמפ פאר פארפעסטיקן און באָלשעוויזירן די קאָלווירטן, פארן וווקס פון דער קאָלווירטישער פארמעגלעכקייט, פאר אויספילן די ווירטשאפטלעכ־פאָליטישע אופגאבעס, וואָס עס האָט אוועקגעשטעלט די פארטיי און רעגירונג. אין רעזולטאט זיינען די גרונטלעכע לאנדווירטשאפטלעכע קאמפאניעס—דער פרילינג־פארזיי, דאָס יעטן, דער שניט, אלע פארגרייטונגען—דורכגעפירט געוואָרן אין די קירצסטע טערמינען.

אונטערן צייכן פון אויספילן דעם ערשטן געבאָט זיינען דורכגעפירט געוואָרן די ברויט־פארגרייטונגען, די קארטאָפל־פארגרייטונגען, ליין־פארגרייטונגען, די פלייש־פארגרייטונגען א. אנד. אין געביט פון דידאָזיקע אלע פארגרייטונגען איז אונדזער רעפובליק ארויסגעגאנגען אפ איינעם פון די ערשטע ערטער אין סאָוועטנפארבאנד, דערביי איז דער פלאן

פון די פארגרייטונגען געוואקסן פון יאָר צו יאָר. אין 1934 י. האָבן מיר פארגרייט בלויז טווע אליין אין 2 מאָל מער אין פארגלײַך מיטן 1932 י. און דאָס איז באם באדינגן, ווען יעדער קאָלווירטישער הויף האָט באקומען דורכשניטלעך אין דער רעפובליק ניט אין פארגלײַך מערער טווע ווי אפילע אין 1933 י. לויט די ווײַט ניט פולע אָנגאבן האָבן די קאָלווירטניקעס פון וססר באקומען אין פאָריקן יאָר אפ 10 מיליאָן פוד ברויט מערער ווי אין 1933 י. אפ אסאך מערער האָבן זיי באקומען קארטאָפל און אנדערע קולטורן.

די ארבעטער און קאָלווירטניקעס פון וססר אונטער דער אָנפירונג פון דער קפ(ב)ו אינדערשפיצ מיטן כ׳ גיקאלאָ האָבן ערלעך פארדינט די הויכע רעוואָליוציאָנערע באלוינונג דעם לענין־אָרדען.

די ארבעטער און קאָלווירטניקעס פון וססר אונטער דער אָנפירונג פון גרויסן סטאלינען, אונטער דער אָנפירונג פון צק קפ(ב)ו, אינדערשפיצ מיטן כ׳ גיקאלאָ, האָבן געפעסטיקט אונדזערע קאָלווירטן, האָבן אָן ראכמאָנעס געקעמפט קעגן די באלעגופישע עלעמענטן, האָבן פארפעסטיקט די דיסציפלין און געקעמפט פאר דער סאָציאליסטישער באציונג צום געזעלשאפטלעכן אייגנטום.

די סאָציאליסטישע בויונג האָט אופגעטרייסלט, ארויסגערופן צום לעבן די טיפסטע שיכטן פון דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג פון אונדזער רעפובליק. מיר זײַנען איידעס פון דעם, וויאזוי פון דער געדיכטעניש פון די ארבעטער און קאָלווירטניקעס גייען ארויס, וואקסן אויס אלץ נײַע און נײַע קאדרען אײַזערנע קעמפער פאר דער זאך פון סאָציאליזם. די אופגאבע באשטייט אין דעם, מיר זאָלן זאָרגזאם, מיט ליבע, אויסכאָוועט דידאָזיקע קאדרען, לערנען און דערציען זיי, געבן א פערספעקטיוו, געניט פאנאנדערשטעלן זיי.

אומויסשעפנדיקע קוואלן פון שעפערישער ענערגיע, פון אומגעהויערן הערא͏יזם שלאָגט פון דער טיפעניש פון די מיליאָניקע מאסן ארבעטער און ארבעטערנס, קאָלווירטניקעס, און קאָלווירטניצעס. און ס׳איז נייטיק, אז די אָרדענטרעגערישע וססר זאָל ווערן א ווירקלעכע קוזניע אפ צוגרייטן נײַע קאדרען, שטאנדהאפטיקע קעמפער פאר אלע באצירקן פון אונדזער סאָציאליסטישער בויונג.

די קאָלאָסאלסטע זיגן זײַנען אויסגעקעמפט אדאנק דעם, וואָס די באָלשעוויקעס פון וססר אונטער דער אָנפירונג פון צק אלקפ(ב) און פון כ׳ סטאלין האָבן אומאָפנויגלעך פארווירקלעכט די גענעראלע ליניע פון אונדזער פארטיי, האָבן אומאָפנויגלעך דורכגעפירט אונטער דער אָנפירונג פון צק קפ(ב)ו די לעניניש־סטאלינישע נאציאָנאלע פאָליטיק. דאָס באלוינען אונדזער רעפובליק מיט א לענין־אָרדען איז א זיג פון דער לענינישער נאצפאָליטיק און פון סטאלינישן סטיל אין דער ארבעט, וועלכע ס׳האָט סיסטעמאטיש אנטוויקלט בא די באָלשעוויקעס פון וססר דער כ׳ גיקאלאָ.

די באָלשעוויסטישע אָנפירונג פון צק קפ(ב)ו אינדערשפיצ מיטנ׳כ׳ גיקאלאָ, דער סטאלינישער סטיל אין דער ארבעט, די סטאלינישע פרינציפיעלקײַט, קאָנקרעטקײַט, אָפעראטיווקײַט, דער קאמפ קעגן דער ווערטער־דעקלאראטיווקײַט און דער צעפוילט־פריצישער באציונג צו די באדערפענישן פון די ארבעטנדיקע, דאָס קענען ארײַנדרינגען אין אלע דעטאלן און קלייניקײַטן, די פילבארע און באטראכטע באציונג צום ארבעטער און קאָלווירטניק, די שטענדיקע זאָרגן וועגן קאדרען—דידאָזיקע אלע אייגנשאפטן האָט טאָג אײַן, טאָג אויס אנטוויקלט בא אונדזערע פארטייִשע אָרגאניזאציעס דער כ׳ גיקאלאָ, באהעפטנדיק

די ארבעטנדיקע פונ וססר ארום דעמ סטאַלינישנ צעק אינ קאמפ פאר אויספילנ די באשלוסנ פונ דער פארטיי אונ רעגירונג.

די אָנגעשטרענגטע ארבעט, די וואכזאמקייַט, די זעלבסטקריטיק, די סטאַלינישע אָנראכמאָנעסדיקייַט, דער סטאַלינישער סטיל אינ דער ארבעט, דאָס קענענ זענ די מייַסימ פונ קלאסנ־סוינע, דאָס קענענ גראָמירנ ביזנ סאָפ אלערליי אָפּאָרטוניסטישע, טראָצקיסטישע אונ נאציָאָנאַליסטישע עלעמענטנ, דידאָזיקע אייגנשאפטנ פונעמ פירער פונ די באָלשעוויקעס אינ ווייַסרוסלאנד, דעמ כ׳ גיקאַלאָ, האָבנ אונדז געזיכערט די זיגנ אפנ פראָנט פונ דער סאָציַאַליסטישער בויונג אינ וססר.

אפנ גרונט פונ העכערנ די רעוואָליוציָאָנערע באָלשעוויסטישע וואכזאמקייַט רייניקט זיכ אָפּ די קפ(ב)וו אויכ פאר דער לעצטער צייַט פונ אלערליי פארטייַעטע, צווייפּנעמדיקע קאָנטער־רעוואָליוציָאָנערע, טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע אויסוואורפנ (גאלענדא, פליַאר א. אנד.) אונ אויכ פונ די בורזשואז־נאציָאָנאַליסטישע אונ טראָצקיסטישע עלעמענטנ, וואָס שליסנ זיכ אָנ צו זיי (דונעצ א. אנד.).

די אויסגעוואקסענע אונ פארפעסטיקטע קאדרענ באָלשעוויקעס פונ די ארבעטנדיקע פונ דער גרונטלעכער אָרטיקער באפעלקערונג „האָבנ מיט דער גאנצער באָלשעוויסטישער אָנראכמאָנעסדיקייַט געשלאָגנ אונ שלאָגנ די קאָנטער־רעוואָליוציָאָנערע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע אויסוואורפנ, די רעכטע-אָפּאָרטוניסטנ אונ אלערליי אנדערע אנטיסאָוועטישע אונ אנטיפארטייִשע גרופירונגענ, האָבנ געשלאָגנ אונ שלאָגנ דעמ קאָנטער־רעוואָליוציָאָנערנ ווייַסרוסישנ אונ גרויסרוסישנ שאָוויניזמ“ (גיקאלאָ).

* * *

דער לענינ-אָרדענ פארפליכטעט צו פארצענפאכנ אונדזער ענערגיע, הויכ טראָגנ די פאָנ פונ די פאָרויסגייענדיקע. באָלשעוויקעס קענענ ניט אונ וואגנ ניט אָפּשטעלנ זיכ אפּ די דערגרייכטע דערפאָלגנ. זיי גייענ צו נייַע שלאכטנ, צו נייַע זיגנ. דער כ׳ גיקאַלאָ לערנט אונדז שטענדיק, מיר זאָלנ זיכ ניט בארויִקנ אפ די דערגרייכטע דערפאָלגנ אונ זאָלנ אלע שאָ געדענקענ וועגנ אונדזערע פעלערנ.

מיר דארפנ געדענקענ, אז אונדזערע דערפאָלגנ אינ דער פעלדצוכט, אינ אנטוויקלענ די לאנדווירטשאפט זייַנענ נאָכ ניט קייַנ גענוגנדיקע. מיר שטייענ נאָכ אָפּ אפ אזויגע וויכטיקסטע באצירקנ, ווי די פיצוכט, די לייַנ־צוכט. אינדערצייַט, ווענ דער גאנצער סאָוועטנפארבאנד האָט אינ 1934 י. דערגרייכט א באמערקבארנ איבערברוכ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער פיצוכט, שטייט נאָכ אָפּ וססר אינעמ דאָזיקנ געביט.

ניט ווייניק פעלערנ האָבנ מיר אויכ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע. עמעס, פאראיאָרנ האָט אונדזער אינדוסטריע געארבעט באדייַטנדיק בעסער ווי אינ 1933 י. א ריי צווייַגנ, ווי די טאָרפ־אינדוסטריע, די מעטאל־באארבעטנדיקע, די גלאָז אינדוסטריע, די לעדער־אינדוסטריע, זייַד, טריקאטאזש־, א. אנד. אינדוסטריע־צווייַגנ האָבנ אויסגעפילט דעמ פראָמפינפלאנ פונ 1934 י., די מערהייַט אונטערנעמונגענ פילנ אויס דעמ פלאנ אויכ אינ ערשטנ קווארטל פונ ד. י. אָבער די קוואליטעט פונ דער פראָדוקציע פונ פיל אונטערנעמונגענ איז נאָכ אלצ ווייַט ניט קייַנ באפרידיקנדיקע.

אויכ פילנ מיר אויס שוואכ די קוואליטאטיווע ווייַזער פונ פראָמפינפלאנ (דאָס אראָפּזעצנ דעמ זעלבסטקאָסט, דער וווקס פונ דער ארבעט־פראָדוקטיווקייַט א.א.וו.).

א באזונדער אָפּגעשטאנענקײַט האָבן מיר אין דער זאכ פונ ריכטיק אָרגאניזירנ דעמ ארבעטעלוינ אונ די ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט. אָרגאניזירנ דעמ ארבעטלוינ דארפ מענ אזוי, אז ער זאָל פארפעסטיקנ די אנטשיידנדיקע רונגענ פונ דער פּראָדוקציע אונ זאָל שטייסנ די מענטשנ צו העכערע קוואליפיקאציעס. די דאָזיקע היסטאָרישע אָנווײַזונגענ פונ כ׳ סטאלינ איז נאָכ ניט געוואָרנ קיינ קאָנקרעטע פּראָגראמ פונ דער ארבעט פונ אלע אונדזערע ווירטשאפטלער, פונ די פארטייִשע אונ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס. ווענג דעמ זאָגט איידעס דאָס, וואָס אפ א גאנצער ריי אונטערנעמונגענ איז פארבליבנ די אויסגלײַכעניש אינעמ ארבעטלוינ, פארקלענערטע אויסארבעטונג־נאָרמעס, איבעריקע אויסגאבנ פונעמ פאָנד פונ ארבעטלוינ בא אנ אָפּנ אומדערלאָזבארער אָפּגעשטאנענקײַט אינעמ וווקס פונ דער ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט.

אונדזערע פארטייִשע אָרגאניזאציעס אונ, אינ דער ערשטער ריי, די ווירטשאפטלער דארפנ באָלשעוויסטיש זיכ פארנעמענ מיט דידאָזיקע פראגנ, צו וועלכע דער כ׳ סטאלינ האָט ניט איינמאָל צוגעצויגנ זייער אופמערקזאמקײַט.

גרויסע אונ פאראנטוואָרטלעכע אופגאבעס שטעלט פאר אונדז דער פרילינג־פארזיי. האיאָר האָבנ מיר אלע באדינגונגענ דורכצופירנ אימ אינ די קירצסטע טערמינענ אונ הויכ קוואליטאטיוו. פארנ לעצטנ יאָר איז באדײַטנדיק אויסגעוואקסנ די קאָלעקטיוויזאציע פונ דער רעפּובליק. אונדזערע קאָלווירטנ זײַנענ בעסער באזאָרגט מיט זריִע, מיט דער־נערונגענ אונ מיט קאָרמע־רעסורסנ. האיאָר וואקסט אויס באדײַטנדיק אויכ די שלעפּ־קראפט פונ וססר. אינ 1934 י. האָבנ בא אונדז געארבעט 76 מטס, וועלכע האָבנ געהאט 3971 טראקטערס אונ א קאָלאָסאלע צאָל לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. האיאָר אָרגאניזירנ זיכ אינ וססר 20 נײַע מטס, פונ זיי 12—צו דער פרילינגדיקער פארזיי־קאמפאניע.

אונדזערע קאָלווירטניקעס זײַנענ באוואָפנט מיט א נײַעמ סטאלינישנ סטאטוט פונ לאנד־ווירטשאפטלעכנ ארטעל—דעמ סטאטוט פונ קאָלווירטישנ פארמעגלעכנ לעבנ. דאָס צעגליי־דערנ אונ שאפנ נײַע 15 ראיאָנענ, דאָס דערנעענטערנ די אָנפירונג צומ קאָלווירט, דאָרפ־סאָוועט, דאָס פארפעסטיקנ די פארטייִשע, סאָוועטישע אָנפירונג פונ ראיאָנ אפנ רעכענונג פונ די אויסגעפרווטע קאדרענ טוער פונ די פּאָליט־אָפּטיילנ, דאָס שאפנ לאנדווירטשאפט־לעכע אָפּטיילנ בא די ראַיקאָמענ, וואָס ווערנ אָנגעפירט דירעקט דורכ די סעקרעטארנ פונ די ראַיפּארטקאָמענ—דאָס אלצ זיכערט די נייטיקע באדינגונגענ אפ צו פארבעסערנ די קאָנ־קרעטע אונ אָפּעראטיווע אָנפירונג מיט דער לאנדווירטשאפט, אפנ גרונט פונ פּראקטישער הילפ אינ דער ארבעט פונ יעדנ דאָרפסאָוועט, פונ יעדנ קאָלווירט.

צוזאמענ מיט דעמ טאָר מענ ניט ניט דערשאצנ אויכ די שוועריקײַטנ פונ האיאָריקנ פרילינג־פארזיי, וועגנ וואָס עס האָט ניט איינמאָל געוואָרנט אלע אונדזערע אָרגאניזאציעס דער צק קפּ(ב)וו אונ פערזענלעכ דער כ׳ גיקאלאָ. מע טאָר ניט פארגעסנ, אז דער ספּעציפישער געוויכט פונ די אינדיווידועלע ווירטשאפטנ אינ אונדזער רעפּובליק איז נאָכ א גרויסער—ארומ 28 פּראָצ. אונ אינ באזונדערע ראיאָנענ נאָכ מערער. ניט ווייניק זײַנענ בא אונדז אויכ אָפּשטייענדיקע קאָלווירטנ.

די אופגאבע פונ די פארטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס אינ פעריאָד פונ פרי־לינג־פארזיי איז פארפעסטיקנ די נײַע קאָלווירטישע קאדרענ, אָרגאניזירנ די ארבעט אינ די נײַע קאָלווירטנ, אונטערציִענ די אָפּשטייענדיקע צומ ניוואָ פונ די פאָרויסגייענדיקע, גוט דורכקאָנטראָלירנ אונ פּאנאנדערשטעלנ די מענטשנ אפ די פארזיי־באצירקנ, אכטונג געבנ אפ דעמ, אז אלע קולטורנ זאָלנ פארזייט ווערנ מיט גוטער הויכסאָרטיקער זריִע, שטרענג אָפּהיטנ־

דיק די נאָרמעס פונ זייענ, די אײַנגעפרעסטע טערמינענ אונ די אגראָטעכנישע מאָססמיטלענ זיכערנ אינ 1935 י. דעם ווײַטערדיקנ אופשטײַג פונ דער גערעטענישקײַט פונ אלע קערנער־קולטורנ, פונ די טעכנישע אונ קאָרמע־קולטורנ.

דער לענינ־אָרדענ פארפליכטעט אונדז באווײַזנ ווירקלעכ באָלשעוויסטישע מוסטערנ פונ ארבעט באמ דורכפירנ דעמ פרילינג־פארזיי. וססר דארפ געבנ די העכסטע פראָדוקטיווקײַט פונ דער קאָלווירטישער ארבעט, די העכסטע גערעטענישקײַט אונ געמעלק פונ די בעהיימעס, זיכ דערשלאָגנ א הויכנ ארבעט־טאָג. וססר דארפ ווערנ א רעפובליק פונ דורכויסיקער קאָלעקטיווויזאציע, א רעפובליק ווו עס זײַנענ ניטאָ קײנ אָפשטייענדיקע באצירקנ.

פארמאָגנדיק אינ זייער רעשוס א מעכטיקנ טראקטער־פארק, זריע, שלעפ־קראפט, זײַנענ אונדזערע סאָווירטנ אונ קאָלווירטנ פארפליכטעט קולטורעל אויסנוצנ דידאָזיקע טעכניק, דערשלאָגנ זיכ א מער העכערע גערעטעניש ווי פאראיאָרנ. דער פרילינג־פארזיי וועט זײַנ דער וויכטיקסטער קאָנטראָל פונ דעמ, אפ וויפל מיר האָבנ זיכ ערנסט צוגעגרייט צומ אויספילנ דעמ לאָזונג וועגנ אויסקעמפנ א הויכע רעקאָרד־גערעטעניש.

מיר האָבנ אלע מעגלעכקײַטנ צו זיכערנ אינעמ קירצסטנ טערמינ דעמ אופשטײַג פונ דער פיצוכט, ליקווידירנ די אָפגעשטאנענקײַט פונ באזונדערע קאָלווירטנ, סאָווירטנ, פונ דער אינדוסטריע אונ פונ טראנספאָרט.

דער לענינ־אָרדענ רופט צו נײַע זיגנ, וואָס דארפנ אויסגעקעמפט ווערנ אינ 1935 י. די קפ(ב)ו דארפ ווײַזנ נײַע מוסטערנ פונ באָלשעוויסטישער מײַסטערשאפט, פונ געניט קאָנקרעט, אָפעראטיוו אָנפירנ מיט דער ווירטשאפט, פינ סטאלינישׁ דערציענ די קאָמוניסטנ, קאָמיוגיסטנ, די ארבעטנדיקע. די פארטייִשע אָרגאניזאציעס פונ דער אָרדענטרעגערישער רעפובליק טראָגנ די פולע פאראנטוואָרטלעכקײַט פארנ ווײַטערדיקנ אופשטײַג פונ דער קולטור, געזונט־פארהיטונג, פארנ אופשטײַג פונ דער קאָמונאלער ווירטשאפט, פאר העכערנ די קוואליטעט פונ באדינענ די ברייטע ארבעטנדיקע מאסנ פונ שטאָט אונ דאָרפ.

אונ צוליב דעמ האָבנ מיר אלע באדינגונגענ.

העכער 223 מיליאָנ רובל וועט האיאָר ארײַנגעלייגט ווערנ אינ דער פאָלקווירטשאפט פונ וססר, פונ זיי פאלנ אויס 96 מיליאָנ אפ דער אינדוסטריע, 31 מיליאָנ אפ דער לאנדווירטשאפט, 31 מיליאָנ אפנ טראנספאָרט אונ 52,5 מיליאָנ אפ די קולטור־שטייגערישע אנשטאלטנ, פונ זיי פאלנ אויס 24,5 מיליאָנ אפ דער קאָמונאלער ווינונג־בויונג. אונ אויב מע זאָל דיסקאָנטירנ אויכ די אויסגאבנ פונ דער ווינונג־קאָאָפעראציע, וועלנ די אויסגאבנ פונ דער קאָמונאלער ווינונג־בויונג אינ דעמ יאָר באטרעפנ 47.236.000 רובל.

האיאָר דארפנ געלאָזנ ווערנ אינ גאנג אונ באהערשט ווערנ אָביעקטנ פונ קאפיטאלער אונ אינדוסטריעלער בויונג אפ אנ אלגעמיינער סומע פונ העכער 135 מיליאָנ רובל.

דער מעלוכישער ביודזשעט פונ וססר באטרעפט האיאָר 486 מיליאָנ רובל, דער אָרטיקער—323 מיליאָנ. די אויסגאבנ אפ דער־פאָלק בילדונג אונ אפ געזונט-פארהיטונג וואקסנ אויס אפ 40—50 פראָצענט.

דידאָזיקע אלע מיטלענ דארפנ אויסגענוצט ווערנ אזוי, קעדיי צו זיכערנ נאָכ א גרעסערנ אופבלי פונ דער פאָלק-ווירטשאפט אינ וססר אונ פארבעסערנ די מאטעריעל־שטייגערישע לאגע פונ די ארבעטנדיקע.

די רעוואָליוציאָנערע באָלשעוויסטישע וואכזאמקײַט פונ דער קפ(ב)ו דארפ פארשטארקט ווערנ אינ פיל מאָל, באזונדערס נעמענדיק אינ אכט, אז די צעיושעטע רעשטלעכ פונ

קלאַסן־סוינע און פון זײַן אגענטור מאסקירן זיך קונציק און באנוצן זיך מיט די מיִעסטע כאיִשע מיטלען אין קאמף קעגן דעם זיגרײַך־אָנגרײַפנדיקן סאָציִאליזם. די קפּ(ב)ו דיסקאָנטירט, אז אין וססר, אלט א רעפּובליק א פילנאציִאָנאלע און בײַגרענעצדיקע, שליסן זיך צונויף דידאָזיקע אלע צווייפענעמדיקע אויסוורפן, וועלכע האָבן ניט איינמאָל אָפּגענארט די פּארטיי, פון די געוועזענע טראָצקיסטן, זינאָוויעווצעס, בונדאָווצעס, עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע זײַנען געקומען אין דער פּארטיי מיט א שטיין אין בוזים, אז זיי שליסן זיך צונויף מיטן קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערן נאציִאָנאַל־דעמאָקראטיזם און טרעטן ארויס מיט די פאשיסטן פון די קאפּיטאליסטישע לענדער קעגן דער סאָוועטנמאכט און דער באָלשעוויסטישער פּארטיי, פאר דער רעסטאווראציע פון קאפּיטאליזם.

מיר דארפן ביזן סאָף דערשלאָגן די רעשטלעך פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן און צוליב דעם איז נייטיק מיט אלע מעגלעכקײַטן פארטיפערן די אידייִשע באוואָפנטקײַט פון יעדן מיטגליד פון דער קפּ(ב)ו, העכערן די קוואליטעט פון דער אָרגאניזאטארישער ארבעט פון יעדן אָנפירער־באָלשעוויק, קעדיי צו שלאָגן דעם סוינע ווירקלעך אָגראכמאָנעסדיק און טרעפלעך.

> „א באזונדערס גרויסן אָרט פונעם דאָזיקן שטאנדפונקט דארף פארנעמען אין דער ארבעט פון דער קפּ(ב)ו דאָס אויסכאָוועז און פארפעסטיקן אָפּ אָנפירנדיקער פּארטייִשער און סאָוועטישער ארבעט באָלשעוויסטישע קאדרען פון דער ווײַסרוסישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג“ (ג י ק א ל אָ).

דאָס ריכטיק דערציִען און אויסכאָוען פּארטייִשע קאדרען — איז א גרויסע מײַסטערשאפט, דער וויכטיקסטער באדינג פון אונדזערע ווײַטערדיקע דערפאָלגן אין קאמף פאר אויספילן די וועלט־היסטאָרישע אופגאבעס פון צווייטן פינפיאָר.

קעדיי צו דערציִען די מענטשן דארף מען זיי דערלערנען, וויסן קאָנקרעט דעם מענטשנס מיט זײַנע באדערפעניש און אינטערעסן. אָבער בא אונדז טרעפט אָפט אזוי, אז מע באמערקט ניט דעם מענטשן אָדער מע באמערקט דאן, ווען דער מענטש האָט זיך פארשולדיקט, איז באגאנגען א פעלער. ס'איז איבעריק צו ריידן, אז אזוינע מעטאָדן, ווי עס מערקט אָפּ ריכטיק די „פּראוודא“, האָבן ניט קיין שום אלגעמיינס מיט דער ווירקלעך־באָלשעוויסטישער באציִונג צו א טוער, מיט דער ווירקלעך־באָלשעוויסטישער דערציִונג.

דאָס באָלשעוויסטיש דערלערנען און דערציִען דעם מענטשן פאר א באָלשעוויק אָנפירער ווערט פארייניקט מיט פּארטייִשער וואכזאמקײַט. יעדער אָנפירער אָפּ יעטווידער באצירק איז פארפליכטעט צו קענען דעם מענטשן, גרינטלעך אָפּקלײַבן זיי און דורכקאָנטראָלירן — אין דעם באשטייט דער ערשטער געבאָט פון יעדן קאָמוניסט, פון יעדן בירגער פון אונדזער לאנד.

דאָס קאָנטראָלירן די מענטשן דריקט זיך ניט אויס אין איבערקוקן די אנקעטעס, וואָס אירע אָנגאבן שעפן ניט אויס דעם לעבעדיקן מענטשן און צײַטנווײַז אנטשפרעכן זיי אפילע ניט דער ווירקלעכקײַט. א גוטער אָנפירער דערקענט מיט צענדליקער מעטאָדן און מיטלען די מענטשן, מיט וועלכע ער ארבעט.

די וואכזאמקײַט דארף מען אָרגאניזירן. די רעוואָליוציִאָנערע וואכזאמקײַט פאָדערט א סיסטעם פון דערציִערישע און אָרגאניזאציִאָנעלע מאָסמיטלען, וועלכע מע דארף דורכפירן טאָגטעגלעך און אומעטום. קעדיי צו פארהיטן די אינטערעסן פון דער פּארטיי און דער מעלוכע, דארף מען גוט קענען דעם סוינע.

די וואַכזאַמקײַט שליסט אינ זיכ אײַנ אלס דעם וויכטיקסטנ עלעמענט, די נײַטיקײַט טאָגטעגלעכ העכערנ די אידייִשקײַט צווישנ די קאָמוניסטנ, זיי זאָלנ דערלערנענ די געשיכטע פונ אונדזער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

א לענינ־אָרדענ איז א הויכע באַלוינונג, א הויכע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט. העכער די רעוואָליוציאָנערע וואַכזאַמקײַט. העכער די קוואַליטעט פונ דער אַרבעט אפ אַלע באַצירקנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. פונ אַנ אָרדענ־טרעגערישער רעפּובליק קענ מענ אונ מע דאַרפ פאָדערנ מערער, ווי פונ א וועלכנ ניט איז אַנדער קאַנט אָדער געגנט.

אונטער דער אָנפירונג פונ סטאַלינישנ צענטראַל־קאָמיטעט, אונטער דער אָנפירונג פונ קלוגנ סטאַלינענ, אונטער דער אָנפירונג פונ צק קפ(ב)וו אינדערשפיצ מיטנ כ׳ גיקאַלאָ וועלנ מיר זיכ דערשלאָגנ נײַע זיגנ אפנ פראָנט פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אינ וססר—דעמ כאַרפאָסט פונ סאָוועטנפאַרבאַנד אפנ גרענעצ מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

(„באָלשעוויק בעלאַרוסי“)



קינסטלערישער אָנפירער
פונעם מאָסקווער ייִדישן
מעלוכע-טעאטער,
פאָלקס-ארטיסט פון דער
רעפובליק
**ס. מ. מיכאָעלס**

פערעצ מארקיש

# מיכאָעלס און די ייִדישע קלאסיקער

1

ווען מיכאָעלס זיצט בא זיך אין ארטיסטן־צימער און שרײַבט מיט זײַנע גרים־בלײַערס און פענזלען אף זײַנע בוילעטע שארפע געזיכט־צוגן דעם עפּאָס און די ראָמאנטיק פון דער ייִדישער אָרעמקײַט אין איר טרוימעריש־טראגישער פארגאנגענהײַט, קאָן זיך אויס־דוכטן, אז פון איין זײַט שטול זיצט בא אים צוגאסט מענדעלע, פון דער צווייטער זײַט— שאָלעמאלייכעם און מיט אן עטאזש העכער אף די לייטערס, פרעגט זיך, אף דעם קליינעם און באשיידענעם ארטיסטן־צימער י. ל. פערעצ, וואָס זאָל האָבן פון עקספאנסיווער צעט־ראָגנקײַט אריבערגעהיפּערט אן עטאזש און קלאפּט אלע ווײַלע אָן אין אן אנדער טיר.

זיי זיצן, די קלאסיקער און קוקן—איינער מיט בייזער גוטמוטיקײַט, דער אנדערער— מיט טרויעריקן שמייכל,—נאָרביידע—פארוונדערט, פון דעם, וואָס אופגעשטאנענע טכיִעס

האמייסים זײַנען זיי דאָרט, חוז זיי האָבנ אמווייניקסטנ געטרוימט, וואָס די רעקוויזיטנ פונ זייערע טעקסטנ געפינענ זיכ צוזאמענ מיט די רעקוויזיטנ פונ שעקספירס טעקסטנ אונ מיט די טעקסטנ פונ א גאנצער פאלאנגע יונגע סאָוועטישע דראמאטורגנ.

זיי קוקנ אפ זייער קרעאטור אינ דער אינטערפעטאציע פונעמ ערשטנ סאָוועטישנ יאָרהונדערט. אונ מיכאָעלס דרייט זיכ אלע ווײַלע אוים צו זיי מיט דער גרעסטער העפלעכקײַט אונ פארערונג אונ גרימירט זיכ ווײַטער.

אינ שפיגל קוקט מיכאָעלס אינ דער געשיכטע.

ער זעט דאָרטנ דעמ נײַנצטנ יאָרהונדערט אינ דער צווייטער העלפט.

ער זעט אימ אפ זײַנ אָנגרימירטנ פּאָנעמ.

ער זעט אימ פארקערפערט אינ זײַנ אייגענער קולטור־ירושע.

ער זעט זיכ אליינ—א גייענדיקנ אפ די שפיצ פינגער איבער די דעכער פונ יענער קולטור. ווײַל ביז איבער די פענצטער איז—פינצטערניש אונ אומעט.

— וועט ער אראָפּפאלנ?

— ניינ!

— וועט ער זיכ אויסרײַסנ?

— אויכ ניט!

די רעוואָלוציע וועט א פלייצ טאָנ ווי א יאמ־אויסגוס ביז איבער די דעכער פונ אָט דער אלטער קולטור אונ ער וועט מיט דער בעסטער טייל קינסטלערישער אינטעליגענצ זי אָפּלאָזנ שווימענ אונ באלײַבט ווערנ מיט א נײַעמ פלאסט אינטערנאציאָנאלער קולטור.

אינ דער פארגאנגענהײַט האָט ער געזעלשאפטלעכ באלאנסירט איבער די דעכער פונעמ דאמאָלטיקנ שטייגער. פונקט ווי שאגאל—מאָלעריש.

עפשער איז דערפאר—אי ער, אי שאגאל,—עפשער זײַנענ זיי ביידע דערפאר ארײַנגעטראָטנ דעמאָלט אינ דער קינסטלערישער קולטור מער אלס גײַסטיקע פּאָרמאציעס, איידער מאטעריעל־לײַבלעכע, שטייגערישע. זיי זײַנענ ביידע ארײַנ אינ דער קינסטלערישער קולטור, ווי אינ א נאציאָנאל־ראָמאנטישער נעסיע; זיי זײַנענ ארײַנ „ביניאָמינדיק"—אָבער מיט דעמ אונטערשייד, וואָס שאגאל האָט זיכ געלאָזט אונטערכאפּנ אפ א שליופּקע פונ דער בורזשואזער קולטיר אונ מיכאָעלס האָט אופגענומענ דעמ רעיס פונ דער רעוואָליוציע אונ פונ איר נײַער קולטור.

דאָכ האָט מיכאָעלס געיארשנט פונ יענער „גײַסטיקײַט" די פאראלגעמיינערנדיקע אבסטראקטקײַט.

זי פילט זיכ גלײַכ אינ זײַנ גרימ.

ער איז זייער לאקאָניש אינ זײַנ גרימ, מיכאָעלס.

קימאט ווי מיט געציילטע שטריכנ.

קיינ איינ צוג, וואָס זאָל פארשווערנ די הויפּט־אידייע פונ זײַנ גרימענ־שריפט.

אונ זײַנ גרימ איז קיינמאָל ניט קיינ אָפּשפּיגלערישער. ער איז שטענדיק—א פאראלגעמיינערטע אידייע.

ווענ איינ אויג איז שוינ בא אימ אינגאנצנ פארגרימירט, גיט ער מיט דעמ א קוק אפ די געסט, וואָס בא אימ אינ ארטיסטנ־צימער, אונ קלינגט אָנ מע זאָל דערלאנגענ די קלאַסיקער טיי.

די פענזלענ זײַנע—זײַנענ ווי פינצעטנ.

ניט נאָר זיי נעמענ דעמ קאָליר פונ דער פארב, נאָר אויכ די נערוונ פונ דער פארב.

און ניט נאָר אין פארבנ־שאָלעכלעכ גראָבנ זיי זיכ.

ווענ די קלאסיקער, בלאָזנדיק דעמ הייסנ סאָוועטישנ טיי, לייגנ פאָר מיכאָעלסנ עפּעס א שטריכ צו דער געשטאַלט, וואָס ער פורעמט, הויבט ער זיכ אופ פונ זײַנ שטול מיט דער גרעסטער געריריטקײַט, ווי רעב אלטער, ווענ מע לייגט אימ פאָר אביסל בראָנפנ און ענטפערט זיי טאקע מיט זייערע אייגענע טעקסטנ:

לעמײַ זאָלט איר זיכ מאטריכ זײַנ?

און ער גיט זיכ אליינ א טונק אײַנ זײַנע פענזלענ אינ זייערע נאָכ ביז איצט ניט־אָפּגעקילטע הערצער, ווי אינ לעבעדיקע פארב־קוואלנ.

דער גרימ איז געענדיקט.

דאָס געשטאַלט הויבט אָנ לעבנ.

דאָס געשטאַלט רײַסט זיכ באדינגלעכ אָפּ פונ דעמ איצט, ווי א שיפ פונעמ ברעג און הויבט אָנ איר קינסטלערישנ רעיס.

די אויבערשטע הויכע שארבנדעק זײַנע לאָזט מיכאָעלס פרײַ פונ יעטווידנ גרימ.

ער לאָזט זי ריינ, ווי א צייכנ פונ זײַנ אינטעלעקטועלער אומבארירלעכקײַט.

אינ אָט דעמ סאמע העכסטנ עטאזש פונ זײַנ קינסטלערישנ וועזנ, ווערט מיכאָעלס אינגאנצנ בלײַבנ אויסער דער ווירקונג פונ זײַנע גרויסע און כאָשעווע געסט—די קלאסיקער.

דאָ איז ער—דער מענטש פונ אונדזער עפּאָכע.

דאָ בלײַבט ער—קאלטער דענקער, קעדיי צו זײַנ וואכ און קאָנטראָלירנ דאָס הארצ בעשאס דער קינסטלערישער פארוואנדלונג.

און דאָ איז מיכאָעלס אינגאנצנ טרײַ דעמ טעאטראל־קינסטלערישנ פרינציפּ פונ דידראָ.

2

ס'איז, אגעוו, ניט קיינ צופעליקײַט, וואָס מיכאָעלס באנוצט זיכ בא דער געלעגנהײַט מיט רעב אלטערס פראזע פונ „מאזל־טאָוו״.

בא יעדנ גרויסנ קינסטלער זײַנענ שטענדיק פאראנענ טענדענצנ צו שעפּנ פארבנ פאר זײַנע קינסטלערישע פארוואנדלונגענ פונ דער קינדהײַט. ביז צו דער סאמע הויכסטער רײַפקײַט גייענ זיי נאָכ, ווי געטרײַסטע באגלייטער—די ליכטיקע זעונגענ פונ דער קינדהײַט.

און מיכאָעלסעס גליקלעכע קינדהײַט אינ זײַנ קינסטלערישער אויספאָרמירונג איז אָנ צווייפל—דער ספּעקטאקל „מאזל־טאָוו״

זי גייט אימ נאָכ די קינסטלערישע קינדהײַט און רעפלעקטירט אימ מיט דער ווארעמסטער ליכטיקײַט איבער דער גאנצער גאלעריי געשטאַלטנ, וואָס ער האָט אופגערופנ צומ לעבנ אפ דער סצענע פונעמ מאָסקווער יידישנ מעלוכע־טעאטער.

אינ יעדער געשטאַלט האָט ער זיכ געלאָזט א קליינ קעמערל פאר דער לירישער טראגישקײַט, וואָס ער האָט אראָפּגענומענ אינ דעמ פאראלגעמיינערטנ רעב אלטער. אפילע אינ „האָצמאכנ״ און אינ „טויבנ״, וואָס שטייענ ערגעצ אפ די סאמע עקסטע פלאנגענ צו דער רעב־אלטער־געשטאַלט—איינער מיט אנ אויסגעלאָשענעמ אויסזיכט צומ מארק און דער אנדערער—מיט שטומע אָנגעצונדענע אויגנ פונ אופּבערעכנדיקנ מאסנ־צאָרנ,—אפילע אינ די דאָזיקע פארשיידענע סאָציאל־קעגנגעזעצטע געזעלשאפטלעכע קאטעגאָריעס, האָט מיכאָעלס אויכ געפונענ אנ אָרט פאר רעב־אלטערס לירישער טראגיק.

אונ ס'איז זייער מעגלעכ, אז מיטנ מויל פונ שעקספירס קעניג ליר זאָל זיכ מיכאָעלס אויכ פארגינענ א זאָג טאָנ דער גאנצער וועלט:

— לעמיַי זאָלט איר זיכ מאטריִעכ זײַנ?

אינ אזא פאל וואָלט אויכ ניט געווענ אויסגעשלאָסנ קיינ גרויסע קינסטלערישע קאָנ־סעקווענצ אונ געזעצמעסיקײַט.

מיכאָעלס איז דאָכ אָנ סאָפעק א קינסטלער מיט אנ אויסגעשפראָכענער וועלט־אָנשויונג וואָס גייט בוילעט דורכ אלע זײַנע קינסטלערישע פארוואנדלונגענ.

אונ אינ רעב־אלטערנ איז געבוירנ געוואָרנ זײַנ פאָרם.

דורכ רעב־אלטערנ הויבט מיכאָעלס שוינ אופ דער ערשטער אפנ טעאטער די סאָציִאל־קינסטלערישע רעוויזיע פונ שאָלעמאלייכעמענ אונ נאכהער פונ דער גאנצער ייִדישער קלאסיק. פונ רעב־אלטערנ הויבט ער זיי אָנ אידעאָלאָגיש לאָקאליזירנ. זייער טאקספול־זייער סובטעל. מיט זייער א גרויסנ כוש פאר קאָנענ קריטיש אופנעמענ ירושע.

שוינ אינ רעב־אלטערנ הויבט מיכאָעלס אָנ קינסטלעריש ניט דעריידנ... פונקט ווי ער וואָלט, זײַענדיק אפ דער בינע, אָפגעהיט שאָלעמאלייכעמענ פונ אנ איבעריק וואָרט... ער בײַט קינסטלעריש אויס דאָס וואָרט אפ דער שפראכ פונ זײַנע אייגנטימלעכע פלאסטישע פאָרמענ אונ דורכ דער פלאסטישער טראנספאָרמאציע אָטעמט ער ארײַנ אינ דעמ א נײַע אידעאָלאָגיע.

אונ מיר באקומענ אינ רעב־אלטערנ מיכאָעלסעס ערשטע סאָציִאל־פלאסטישע אינטער־רעטאציע פונ שאָלעמאלייכעמענ. — דעמ אויסגאנג־פונקט פאר מיכאָעלסעס פלאסטישער אינטערפרעטאציע פונ דער גאנצער ייִדישער קלאסיק, וואָס האָט זיכ אונדז נאָכ אמאָל אנטפלעקט דורכ דער סצענע פונעמ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער.

3

ווענ מיכאָעלס לייענט די טעקסטנ, אָדער ריכטיקער געזאָגט, ווענ ער לייענט די צייכנס פונ זײַנ דראמאטורגישנ שטאָפ, איז דאָס וויכטיקסטע וואָס ער לייענט פונ זיי ארויס— דאָס, וואָס אינ זיי איז נישטאָ.

דאָס וויכטיקסטע איז דאָס, וואָס ער ברענגט ארײַנ מיט זײַנ אייגענער סאָציִאל פילאָ־סאָפישער אונ קינסטלערישער באציִונג צומ שטאָפ—זײַנ קלוגנ אונ דורכדרינגלעכנ שטרײַט מיט אימ.

אלציינס—צי איז דער דאָזיקער שטאָפ—מענדעלעס נאַיִווער סאָציִאלע צאָרנ, צי שאָ־לעמאלייכעמס גוטמוטיקער טראגיזמ, צי איז דער דאָזיקער שטאָפ — פונ דער וועלט־קלאסיק.

ער מישט זיכ ארײַנ אינ די געגעבענע טעקסטנ מיט זײַנ אייגנארטיקער קינסטלערישער דייע, מיט זײַנ אייגענער וועלט־עמפינדונג.

ער שטעלט אָנ דעמ אָביעקטיוו אפ די קעגנשטאנדנ אזוי, אז זיי זאָלנ באקומענ דעמ אָפגלאנצ פונ זײַנ באציִונג צו זיי. אונ קיינמאָל ניט צוליב דעמ, אז ער זאָל ווערנ זייער פינקטלעכער „רעאליסטישער” אָפשפיגלער.

אונ ס'איז קלאָר:

אויב אנ עכטער קינסטלער קומט אינ בארירונג מיט קינסטלערישנ שטאָפ אינ זײַנ שעפערישער ארבעט איבער אימ, מוז פונ אזא בארירונג קומענ אינעמ שטאָפ א נײַע

קינסטלערישע פארוואנדלונג. אזא וואָס איז אייגנשאפטלעכ דער אינדיווידואליטעט פונעם קינסטלער.

עס מוז אנטפלעקט ווערנ דער צוגעקומענער קינסטלער.

אָט אזוי איז זיכ מיכאָעלס נויעג מיט זײַנ דראמאטורגישנ שטאָפ:

פריִער פאר אלצ לייגט ער זיכ צו צום געגעבענעם מאטעריאל מיט זײַנ אייגענעם קינסטלערישנ האָב־און־גוטס.

מיט דעם, וואָס ער האָט וועגנ דעם שטאָפ צו זאָגנ.

דערמיט ווערט דער שטאָפ אינ א געוויסנ זינ—זײַנער.

ער לאָזט זיכ אינ קיינ פאל ניט דיקטירנ פונעם דראמאטורג, נאָר פונעם גאנצנ קאָמפלעקס סאָציִאלע און פסיכאָלאָגישע באדינגונגענ, אינ וועלכע דער שטאָפ האָט זיכ קינסטלעריש פאָרמירט. ער געפינט פאר אימ אויס א גאנצנ רעגיסטער עקוויוואלענטנ, נאכהער באגייט ער זיכ מיט דער שטאָפ אזוי ווי ס׳דיקטירט אימ זײַנ אינדיווידועלע קינסטלערישע באציִונג און זײַנ געזעלשאפטלעכער באוווסטזײַנ.

און פונ דער דאָזיקער באציִונג אָפשטויסנדיק זיכ, ענדערט ער אימ דעמ שטאָפ און פאָרמירט אימ פונ דאָסנײַ.

דער דאָזיקער קאָמפליצירטער שאפונג־פראָצעס לאָזט אימ דערגרייכנ דעם העכסטנ גראד קינסטלערישע זעלבסטשטענדיקײַט און פרײַהײַט און גיט אימ די מעגלעכקײַט צו מאניפעסטירנ דורכ דעמ אָביעקט זײַנ אייגענע קינסטלערישע אינדיווידואליטעט און די געזעלשאפטלעכע, סאָציִאל־פילאָסאָפישע דערפארונג פונ זײַנ צײַט.

דאָ גייט מיכאָעלס אפנ איינציק־ריכטיקנ וועג פונ יענע עכטע קינסטלער, וואָס ניט זיי שטעלנ פאָר די נאטור, נאָר זיי ענדערנ זי.

און ווענ ער דעמאָנסטרירט זי אינ זײַנ אייגענער קינסטלערישער טראנספאָרמאציע, בליאסקעט שוינ אפ איר די וויזע פונ דער צײַט. די וויזע פונ יענע אומגעבונגענ און פארהעלטענישנ, וואָס האָבנ פאָרמירט מיכאָעלסנ זעלבסט.

זי ווערט שוינ א קינסטלערישער פראָדוקט פונ אונדזער עפּאָכע.

ס׳וועט אבסאָליוט ניט זײַנ איבערטרײַבונג דאָס באהויפטנ, אז שימעלע סאָראָקער אינ גאָסעט איז מער א מיכאָעלס־געשטאלט איידער א שאָלעמאלייכעמדיקע.

ווענ מע זאָל ניט ויסנ, אז די אויסערגעוויינלעכע קינסטלערישע דערפינדערישקײַט און טעאטראלע כאָכמע, וואָס ליגנ ארײַנגעבראָקט אינ דעם שימעלע־געשטאלט געהערנ מיכאָעלסנ, דעמ קינסטלער פונ אונדזער עפּאָכע, דעם אידייִעש און אידעאָלאָגיש רײַפנ צײַט־מענטש אונדזערנ, וואָלט מענ דאָכ געקאָנט מיינענ, אז די פיעסע „צוויי הונדערט טויזנט״, אויב ניט ריידנ וועגנ דער ספעציפיק פונעם געניִאלנ שאָלעמאלייכעמישנ וואָרט איז אָנגעשריבנ געוואָרנ פונ א סאָוועטישנ דראמאטורג.

און דאָ האָט מיכאָעלס באוויזנ אפ א וווּנדערלעכנ אופנ, וויִאזוי עכטע טעאטראלע קונסט, וויִאזוי עכטע שוישפילערישע קאָמפּאָזיציע, בא א קינסטלער, וואָס לאָזט ניט ארויס פונ די אויגנ דעם סאָציִאל־געזעלשאפטלעכנ קאָמפּאס, קאָנ לעבנ אפ איר אייגענעם אידייִשנ און אידעאָלאָגישנ כעשבנ. און ניט נאָר דאנ, ווענ דער דראמאטורגישער שטאָפ קומט איר צו הילפ, נאָר אפילע דעמאָלט, ווענ דער דראמאטורגישער טעקסט געפינט זיכ אינ א דירעקטנ ווידערשפרוכ צו איר אייגענער קאָנצעפּציע.

פאר א גלענצנדיקנ מוסטער קאָנ דאָ איליוסטרירט ווערנ די בארימטע פראזע פונ מיכאָעלס־גרעדאנ אינ ליאבישס וואָדעוויל „מיִליאָנער, דאנטיסט און אָרעמאנ״

„— אנטמוטיקט פונ די לעבנס־שלאַכטנ...", ווו נאיווער טראגיזם ווערט בא אים מײַס־טעריש דערפירט—אינ אָנהויב—צו הומאָר אונ נאכהער—צו אָפענעם כויזעק.

מיכאָעלס האָט אפּ א מוסטערהאפטנ אויפנ דערוויזנ, וויאזוי דאָס דראמאטורגישע וואָרט ברעכט זיכ אינ זײַנ אורערשטנ אינהאלט, ווי סע ווערט אומשעדלעכ אונ אילוסטראטיוו צו דער אידייִש אונ אידעאָלאָגיש אָנגעזעטיקטער פלאסטישער באוועגונג. צו דער פארב. צו דעם ריטם. צו דער צייכענונג. צו דעם גאנצנ קאָמפּלעקס פונ דער שוישפּילערישער קונסט.

מיט זײַנ שארפ־אָנגעשליפטנ קינסטלערישנ געווער פונ גראָטעסק צעהאקט מיכאָעלס דאָס וואָרט דאמאָלט, ווענ ס'איז אים נויטיק, אז ס'זאָל ניט ווירקנ אינ זײַנ גאנצקײַט.

דעמאָלט הויבט אָנ שפּילנ יעדער זילב באזונדער.

איינ זילב לאכט אויס דעם אנדערנ.

אונ דער נויטיקער עפעקט איז דערגרייכט.

דאָס זעלבע, ווענ ער באדארפ ארויסציִענ פונעם וואָרט א פּאָזיטיוונ עפעקט אינ גאנג פונ זײַנ שוישפּילערישער אידייע.

דעמאָלט רײַסט ער עס אויכ ארויס פונ יענער נאטור, אינ וועלכער ס'האָט עס געגעבנ דער דראמאטורג אונ ער גיט עס א טראָג אופ צו דער גרעסטער הויכ פונ זײַנ רעוואָליר־ציִניזירנדיקער ראָמאנטיק.

ער צינדט ארום דעם אָנ דאָס גאנצע פײַער פונ זײַנ בושעווערדיקנ טעמפּעראמענט. ער ווארפט זיכ אפ דעם. אונ אויב מע דארפ עס אויסטאנצנ, דאָס וואָרט, איז—אויסגע־טאנצט! אויב מע דארפ עס אויסזינגענ איז—אויסגעזונגענ!

אונ דאָס וואָרט—אנ אויסגעגליטס אינ זײַנ טעמפּעראמענט, וואָס שטראלט פונ זיכ ארויס מוזיק, געזאנג, פלאסטיק אונ די גרעסטע אופרײַסנדיקע שטילקײַט,—באקומט א נײַעם אויסדרוק אונ סע ווערט—זײַנס.

דאָס האָט א שײַכעס ניט נאָר צו דער פּאָליפאָנישער קאָמפּאָזיציע פונ „צווייִ הונדערט טויזנט", נאָר אויכ צו דער מענאכעמענדלשער גראָטעסק־געשטאלט אינ „לופט־מענטש".

אויכ דאָ איז פריִער פאר אלץ אינטערעסאנט פעסטצושטעלנ, אז אינ דעם דאָזיקנ גראָטעסקאָוונ געשטאלט זעצט מיכאָעלס פאָר די טראדיציע אונ דעם הויפט־קינסטלערישנ פּרינציפּ, וואָס איז בא אים אָנגעמערקט געוואָרנ אינ רעב־אלטערנ.

נעמלעכ:

אויכ דאָ לאָקאליזירט ער פריִער פאר אלץ שאָלעמאליייכעמס אידעאָלאָגישע געווענדט־קײַט, פונקט ווי אינ „מאזל־טאָוו".

אָבער מיט אנדערע מיטלענ.

אינ „מאזל־טאָוו" לאָזט ער אָפּט ניט קומענ שאָלעמאלייכעמענ אינגאנצנ צום וואָרט דורכ ניט דערריידנ... דורכ זײַנ פלאסטישנ ארופוואלגערנ זיכ אפנ וואָרט אונ עס מאכנ אומבאוועגלעכ... אונ אינ מענאכעמענדלענ—פארקערט—דורכ פאָדערנ שאָלעמאלייכעמענ, דורכ מולטיפּליצירנ דעם טעקסט.

סע הויבט בוכשטעבלעכ אָנ שווינדלענ אינ די אויערנ, אויב מע קאָנ זיכ אזוי אויס־דריקנ, ווענ מיכאָעלס בינדט פאנאנדער דאָס וואָרט.

מע דערפילט, אז דאָס רעדט ניט קיינ איינ מענטש, נאָר א גאנצער פּאָלק־שיכט. אונ דערצו—א ספּעציפישער.

דאָס איז ביכלאל איינע פונ די גלענצנדיקסטע אייגנשאפטנ אונ מיכאָעלסעס שוישפילערישער קונסט:

— אופהויבנ דאָס געשטאלט צו דער גרעסטער פאראלגעמיינערונג—וואָס העכער אונ ברייטער,—סײַ דעמלט, ווענ ער דארפ דעמאסקירנ, סײַ דעמלט ווענ ער וויל עס דערהויבנ אונ באשטעטיקנ.

אונ דאָרט ווו דאָס וואָרט, אלס אויסדרוק־מיטל קאָנ אדורכקלינגענ ווידערשפרעכלעכ איז בלויז—אנ אָנדײַטונג פונ וואָרט. דעמ שאָטנ פונ וואָרט. דער שווער־פונקט ווערט אריבערגעטראָגנ אינ דער פלאסטיק.

אונ פארקערט:

ווענ ס'איז קינסטלעריש מעגלעכ אופרײַסנ די „אָביעקטיוועווירקלעכקײַט“ דורכנ וואָרט, איז ווערט דעמאָלט דעמ אויער שווער זיכ נאָכיאָגנ נאָכ דעמ.

דעמלט גייט בא אימ דאָס וואָרט ווי א האָגל.

ס'איז קעדײַ דערמאָנענ דאָס אָרט אינ „לופט־מענטש“, ווענ מענאכעמענדל, באגײַסטערט פונ זײַנע נײַע פארנאָסעס אונ פלענער, טראָגט זיכ איבער דער בינע, ווי א בליצ, וואָס אפ אימ זאָל זיכ האָבנ פארשטאָכנ א שווארצער קאפעליוש אונ א גרינ כאלאטל אונ ער רײַסט אײַנ די וועלט:

— איכ לויפ! איכ פלי! איכ קנאק:

מיט יעדנ וואָרט דערלאנגט מיכאָעלס איבער זײַנ געשטאלט, ווי מיט א שטיינ.

יעדעס וואָרט גיט א בלישטש אינ דער לופט, ווי א האק א פארמאָסטענע אפ זיכ אליינ.

אזוי ארומ דערגרייכט ער מיט גראָטעסק־מיטלענ, צווישנ איינ לירישער פויזע אונ דער צווייטער דעמ העכסטנ גראד סאָציאַלע באזיניקטקײַט אונ אָנגעזויטיקטקײַט.

.4

דורכ דעמ זעלביקנ קינסטלערישנ פרינציפ איז מיכאָעלס געקומענ צו דעמ סינטעטישנ, אויסערגעוויינלעכ־לירישנ געשטאלט פונ ביניאָמינ דעמ דריטנ.

— צומ סינטעז פונ זײַנ רײַכער נאָמענקלאטור. טעאטראל־קינסטלערישע זשאנרענ אינ דער יידישער קלאסיק.

אויב אינ „צוויי הונדערט טויזנט“ אונ אינ „מענאכעמענדלענ“ באלאנסירט ער מיט ווירטואָזער מײַסטערשאפט צווישנ גראָטעסק, ראָמאנטיק אונ ליריק, איז אינ „ביניאָמינ דעמ דריטנ“ דערגרייכט ער דעמ געלײַטערטנ, קימאט מײַסטעדיקנ שוישפילערישנ עפאָס.

דאָ איז זײַנ זעניט אינ דער יידישער קלאסיק.

דאָ איז זײַנ מוט פונ העלנ טאָג.

דאָ איז די גרויסע קינסטלערישע דערפארונג אונ קינסטלערישע כאָכמע.

דאָ איז די רו פונ א ליכטיקנ בארג־שפיצ.

דאָ טרעפט זיכ זײַנ קינדהײַט מיט זײַנ גרויסער קינסטלערישער רײַפקײַט אונביידע צוזאמענ, ווי אינ א וואונדערלעכער סימפאָניע גייענ זיי—איינס ארויסדרינגענדיק קינסטלעריש פונ צווייטנ.

אינ דעמ דאָזיקנ געשטאלט האָט מיכאָעלס געבראכט די רײַפע פרוכטנ פונ זײַנ גאנצנ אקטיאָרישנ וועג אונ אווועקגעשטעלט א גראנדיעזנ דענקמאָל דעמ קלאסישנ פעריאָד פונ דעמ מאָסקווער יידישנ מעלוכע־טעאטער.

מערקווירדיק, ווי קימאַט דעם גאַנצן ספּעקטאַקל „מאַסאָעס בינימין האַשלישי“, שפּילט ער אין פּראָפיל.

די לאַקאָנישקייט פון דער דראַזיקער גרעסטער קאָמפּאָזיציע זײַנער—אָנגעהויבן פון דעם וואָרט, פון דער באַוועגונג און פון דער שטים, מיט וועלכער ער אָפּערירט „ווי דער גרעסטער גראַפיקער, דערפילט מען שוין אין גרים.

א האַלב־לענגלעך בערדעלע. פאַר איין העלפט פּאָנעם.

פאַר א פּראָפיל.

דער דראָזיקער פּראָפיל וועט זײַן פיל אויסדריקלעכער ווי דער אַנפאַס.

ס׳וועט אַלעס קלאָר זײַן בלויז פון אן אָנדײַטונג.

דאָס שפּילן אַנפאַס וואָלט אין דער דראָזיקער הויכער סימפאָנישער קאָמפּאָזיציע, ווו ס׳איז ניט פאַראַן קיין איין צופעליקייט, ווו יעדע קלענסטע דעטאַל איז אַרויסגעפירט מיט אַזא קינסטלערישן כעזשבן, אַז ס׳זאָל זיך אונטער איר אויך פילן די קייט פון צײַטן, אין וועלכע עס איז געווען געקאָוועט דער נאַציאָנאַלער גײַסט און די טרוימער פון געטאָ,— אין אַזא אָ סינטעטישן ספּעקטאַקל, ווו ניט נאָר די מיזאַנסצעניזאַציע, אַלס הויפּט־שפּראַך פון דער בינע, נאָר ווו אַפילע די פונקטירונג איז דערהויבן געוואָרן צו א סימבאָל, וואָלט דאָס שפּילן אין אַנפאַס די פירנדיקע געשטאַלט געווען אופגעגעסן די אייגנאַרטיקע „מאָנומענטאַלקייט“ פונעם הויקער וואָס מיכאָעלס האָט זיך אָנגעצייכנט אויך מערער אַלס אַן אויסדרוק פון „גײַסט“, איידער פון א פּראָסטן וואָכעדיקן רוקנביין אַן אויסגעבויגענעם אונטער דער לאַסט פון נויט און דערשלאָגנקייט: ס׳וואָלט געווען צעשטערט געוואָרן די גאַנצע גראַפישע ליניע פון דער געשטאַלט און ס׳וואָלט געווען פאַרקלענערט די אויסדרוקלעכקייט פונעם לענגלעכן דאָן־קיכאָטישן טרוימער־געזיכט.

אַזוי איז אידייִש און קינסטלעריש־געזעצמעסיק געבוירן געוואָרן די גראַפישע צייכנונג פון „בינימינען“.

עס איז צו באַוואונדערן, ווי דער מיטלוויקסיקער מיכאָעלס, ווי גאָר ער טראָגט זיך אַרײַן אַף דער בינע אין גורל פון זײַן געשטאַלט, ווערט זײַן פיזישע מעטריק, די אונטערגעוואָרפענע צו באַשטימטע געזעצן פון מאָס,—ווערט זי מאָמענטאַל א באַדינגלעכע.

ס׳עקזיסטירט ניט אַף דער בינע א פיזישע קאָמפּלעקציע, וואָס האָט אין דער לענג א באַשטימטע צאָל סאַנטימעטער, נאָר ס׳באַוועגט זיך אַף דער בינע א געשטאַלט, וואָס צווינגט דעם צושויער זען זײַן גרויס לויט דער מאָס פון דער אידייע, וואָס ער פאַרקערפּערט.

מיכאָעלס האָט קינסטלעריש גויווער געווען דעם פיזישן געזעץ פון מאָס.

מע קאָן עס אַף א גלענצנדן אויפן זען אין „טויבנ“, ווו אַף דער בינע באַוועגט זיך א גאַנצער מאַסיוו. ווו דער וווקס און די פעסטקייט ווערט באַשטימט דורכן אײַנדרוק פון דער דערוואָרגענער שטים פון זײַנער, וואָס רײַסט ערגעץ שלאָגן מיט דער גאַנצער פאַסקודנער וועלט.

אָט אַזוי גרויס ווי דער אינערלעכער צושטאַנד פון זײַן געשטאַלט איז מיכאָעלס שטענדיק אַף דער בינע.

באַזונדערס רעליעף ווערט דאָס באַשטעטיקט אין „בינימינען“.

דורך דעם גאַנצן ספּעקטאַקל צווינגט מיכאָעלס דעם צושויער קוקן ניט אַף זיך, נאָר אין יענער „ווײַטער ווײַט“, וווהין ס׳זײַנען געווענדט זײַנע אייגענע אויגן.

און אין דעם דאָזיקן קינסטלערישן אופשטײַג, איבערווינדעט ער די באגריפן פון ווקס און פון באגרענעצטקײַט אין דער מאָס.

ער איז דאָך אין ביניאָמינען זייער אָפּגעצערט, דאר־גופיק, קימאט דורכזיכטיק און דאָך זעט ער אויס באדײַטנדיקער פאר סענדערל די ייִדענע. זײַן ווקס אין גאנג פון ספעקטאקל לאָזט זיך ניט אָפּטיש סטאביליזירן. אָט ווערט ער גרויס און נאָך גרעסער לויט די עקספרעסיעס פון זײַנע טרוימען און איבערלעבונגען.

און דאָ איז נויטיק אונטערשטרײַכן אז די קאנגעניאַלע שפּיל פון דעם וונדערלעכן ארטיסט וו. זוסקין, זײַן גלענצנדיקע קעגנגעשטעלטקײַט צו דער גײַסטיקער ביניאָמין־געשטאלט, זײַן אידענעשע ווייכקײַט און צעשמאָלצעוודיקײַט, די האָריזאָנטאלע ליניע, אין וועלכער ער האָט זיך אײַנגעפאסט, וואָס איז דורכגעטראכט און דורכגעפירט מיט דעם גרעסטן קינסטלערישן עפעקט פאר ביניאָמינס ווערטיקאלער ליניע שאפט פאר מיכאָעלסן די מאקסימאלסטע מעגלעכקײַטן פאר דער שטרענגסטער גײַסטיקער לאקאָנישקײַט, ווו יעדער פינטל מיטן אויג דערציילט, פארלאנגט, באגערט מיט איבערצײַגונג פון דער גרעסטער שטילקײַט, צו וועלכער מיכאָעלס איז געקומען, בעהאדראָגעדיק, וואָס העכער ער האָט זיך אופגעהויבן אין זײַן שוישפּילערישער קונסט אין פּעריאָד פון דעם קלאסישן רעפערטואר אין גאָסעט.

בכלל איז דער אזוי גערופענער קלאסישער פּעריאָד פון „גאָסעט“ געוואָרן אין א געוויסן זין מיכאָעלסעס שוישפּילערישע און קינסטלערישע ביאָגראפיע.

דאָס קינסטלערישע בלוט זײַנס האָט ער זיך געלאָזן פּרווון פון „אוריעל אקאָסטא“.

מיט דעם דאָזיקן פּרווו איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער דיאגנאָז:

— א גרויסער בלוטרײַכער קוואל פון אָנגעזאמלטע קויכעס און פּאָטענצן פאר יאָרצענדליגער־וועג פון היימלאָזן קאָמעדיאַנט, מיט אן ארײַנגעשטעלט לאָשן, ווי מיט ארײַנגעשטעלטע ציינ אין די שווארצסטע יאָרן פון רעאקציע.

און ווען דער דאָזיקער גרויסער בלוטרײַכער קוואל פון קויכעס און פּאָטענצן האָט צוליב דעם איינציקן רעאליסטישן עמעס אין דער קונסט געמוזט א שטראָם טאָן אין דער ווײַט און אין דער הויך און מיט העלע בלאנקענדיקע פארבן דערציילן וועגן אײַנגעפאלענע שווארצע יאָרהונדערטן און וועגן די גרויסע קויכעס פון רעוואָליוציע, וואָס האָבן יענע יאָרהונדערטן געקעפט, איז מיכאָעלסן פאר דעם איינציק־ריכטיקן און בארעכטיקטן רעאליסטישן אויסדרוק געקומען צוהילף די היפּערבאָלע.

די געקויפלטע גרעלע פארביקײַט, דער פארגרעסערטער פלאן, דער פארשארפטער זשעסט, דער סארשיידנפארביק־געמאָלטער קאָסטיום, דאָס זילבארטיק צעטיילטע און אָפּט מאָל אויסגעשריגענע וואָרט, די באוועגונג פון דער האנט, וואָס קויפלט זיך אפ אלץ, וואָס האָט ענלעכקײַט צו א האנט. דאָס ליד—דאָרט, ווו לויט דער לאָגיק קאָן קלעקן א פּראָסטער געשפּרעך, און—טענץ—אלס אָרגאנישע פאָרזעצונגען און פארשטארקונגען פון וואָרט, געדאנק, עקספּרעסיע און פּאָשעטן גאנג,—דאָס אלץ איז יענע קינסטלערישע היפּערבאָלע, וואָס איז פופצן יאָר געטראָגן געוואָרן אין מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאטער דורך זײַן קינסטלערישן גרונט־קערן—דורך דעם רעאליזם, ווי א געשיכטלעך־קינסטלערישער ענטפער פון דער סאמע טיפעניש פאר יאָרצענדליגער ארומגיין מיט א שלאָס אפן מויל.

אזוי ארום האָט מיכאָעלס, דער פירער און דער באגײַסטערער פונעם טעאטער, מיט א גלענצנדיקער פאָרם פון היפּערבאָליסטיק אין דער סיסטעם און אפן באָדן פון רעאליזם,

זיכ קינסטלעריש אויסגעשריגנ אינ „צוויי הונדערט טויזנט“, אינ „לופט־מענטש“, ביז ער האָט זיכ אוועקגעלאָזט אינ זײַנ גרויסער עפּישער נעסיע פונ „ביניאָמינ דעמ דריטנ“.

אינ אַלע פאָרשטעלונגענ, אינ אַלע זײַנע געשטאַלטנ, וואָס ער האָט באַשאַפנ, איז אומעטום, בא דער סאַמע שטאַרקסטער עמאָציאָנעלקײַט, מיכאָעלס געבליבנ—דענקער.

ער האָט זיי אָפּגעגראָבנ זײַנע געשטאַלטנ, ווי מע גראָבט אָפּ די קינדהײַט.

ער האָט זיי אופגעשניטנ אונ פאַנאַנדערגעעפנט, ווי אייגענע טאָג־ביכער.

ער האָט זיי געמישפּעט מיט דער העכסטער קינסטלערישער מידע פונ כאָכמע אונ איז אַליינ פאַר זיי אָפּגעקומענ די שטראָף...

אונ ניט צופעליק.

אינ אַלע פונ זיי האָט דורכגעבליצט א מעזומענער קלינגענדיקער שטיק פונ זײַנ אייגנ קולטור־גײַסטיקנ לעבנ, וואָס ער האָט אינ זיי געלאָזט אַרײַנפליסנ.

אונ אַרײַנגעגאָסנ האָט ער אינ זיי זײַנ ענערגיע מיט דער ברייטסטער מאָס פונ זײַנ קינסטלערישער אַשירעס. ער האָט זיי אופגעטראָגנ צו הייכנ פונ פולסטער פאַראַלגעמיינערונג. אונ אופגעטראָגנ האָט ער זיי צוליב דעמ, אז פונ דעמ הייכסטנ קינסטלערישנ פונקט זאָל ער זיי קאָנענ אופרײַסנ.

אופרײַסנ—פאַר דורעס.

פונקט ווי זיי האָבנ זיכ אינ מעשעכ פונ דורעס פאָרמירט.

אינ דעמ דאָזיקנ קינסטלערישנ אופשטײַג האָט זיכ מיכאָעלס אַרויסגעוויזנ פאַרנ גע־טרײַסטנ נאָכפאָלגער פונ געטענ, וואָס האַלט, אז יעדער קינסטלער באַדאַרפ אַרײַנברענגענ אינ ווערק—פונ זיכ אַליינ—זײַנ אייגענעמ זינ אונ באַדײַט.

---

פונ דעמ דאָזיקנ שעפערישנ מעטאָד ביז צו אנ אייגענעמ סטיל איז מיכאָעלסנ געבליבנ אזוי פיל, וויפל ס'געדויערט דער דריטער קלונג—אפּ אַרויסגיינ פונ הינטער די קוליסנ אפּ דער סצענע.

אונ מיכאָעלס האָט אנ אייגענעמ סטיל אינ דער שוישפּילערישער קונסט געשאַפנ.

דעמ סטיל פונ רעוואָליוציאָנערער ראָמאַנטיק מיט די מיטלענ פונ פילאָסאָפישער אונ עמאָציאָנעלער טעאַטראַלישקײַט.

טעאַטראַלישקײַט—ביז אינ אַבסאָליוט.

אָפּטמאָל מיט געפאַר פאַר פאָרמאַליזמ.

אונ דאָ האָט מיכאָעלס איבערגעלעבט זײַנ קינסטלערישע „דראַמע“ מיטנ וואָרט.

ס'וועט ניט זײַנ קיינ פאַראַדאָקס, אז מיכאָעלסעס קינסטלערישער „קאַמפּ“ מיטנ וואָרט איז געווענ דער העכסטער אויסדרוק פונ זײַנ ליבע אונ פאַרערונג צו דעמ.

מע מוז נאָכ אַמאָל באַטאָנענ, אז די טעקסטנ פונ דער ייִדישער קלאַסיק האָבנ געגעבנ מיכאָעלסנ די פולשטענדיקע מעגלעכקײַט, אז ער זאָל צוליב דעמ אידעאָלאָגישנ גלײַכגעוויכט זיכ קאָנענ באַגיינ בלויז מיט די אונטערטעקסטנ.

זיי האָבנ אימ געגעבנ די מעגלעכקײַט צו שעפּנ אינ דער פולסטער מאָס פונ די אָנגעלאָדנטע אַסאָציאַציעס, אינ וועלכנ ס'איז געוואָקסנ זייער וואָרט—מער ווי פונעמ וואָרט אַליינ.

אונ ווידער אַמאָל—איז קלאָר, אז ווענ מיכאָעלס זאָל זיכ געווענ לאָזנ אפּנ וועג פונ בעטרײַענ טעאַטראַל־קינסטלערישנ באַדינענ די טעקסטנ פונ דער ייִדישער קלאַסיק אינ

זייער קלאַסישער אומבאַרירלעכקײַט, אין ריינעם וואָרטלעכן זין זייערן, וואָלט ער עפּשער נאָך בײַ אַ גרעסערן קינסטלערישן עפעקט געקומען צו זייער צווייפלהאַפטע אידעאָלאָגישע רעזולטאַטן.

דאָס גרעסטע געפאַר אין דעם דאָזיקן זין האָט אים אָן צווייפל געדראָט אין זײַן קרוין־ראָל פון דער יִדישער קלאַסיק—אין „ביניאָמינען“, ווו ער גייט אַף אַזאַ הויכער קינסטלעריש־אידעאָלאָגישער שאַרף, אַז מאָמענטנווײַז קאָן זיך אויסדוכטן, אַז דער סוביעקט ווערט באַהערשט פונעם אָביעקט.

און דאָס לעצטע האָט מיכאָעלס ניט געקאָנט און ניט געטאָרט אײַנשטעלן.

דעריבער האָט מיכאָעלס, באַשעפטיקנדיק זיך מיט זײַן טעאַטראַלן אָפּקלײַב פון די קלאַסישע טעקסטן, אַרויסגעפירט פון זיי ניט דאָס סטאַבילע קאָנאָניזירטע וואָרט, וואָס ס'האָט געקאָנט זײַן אַ געפאַר, אַז בײַ ניט קיין גענוגנדיקער אידעאָלאָגישער באַוואָפנטקײַט וועט דאָס דאָזיקע וואָרט פירן א י ם,—נאָר ער האָט זיך קינסטלעריש אָפּגעקליבן די אַסאָציאַציע.

די אַסאָציאַציע האָט ער קינסטלעריש באַצוווּנגען. זי האָט זיך אים אָפּגעגעבן. האָט ער זי אַרויסגעפירט, זי באַטרונקען מיט אַלע זײַנע אידייִש־פילאָזאָפישע און קינסטלערישע זאַפטן און נאָכדעם ווען ער האָט זי אָנגעזאָטלט און זיך אַף איר אויפגעזעצט, ווי אַ קינסטלער אַזאַ, וואָס באַהערשט אין באַפעלט,—האָט זי אים שוין געטראָגן דורך יענע אידעאָלאָגישע וועגן, ווי ס'האָט געפאָדערט זײַן באַוווּסטזײַן, דער אויסגעשלייפטער אין אונדזער צײַט.

אַזאַ פאָרזיכטיקע און קלוג־באַלאַנסירנדיקע באַציִונג צום וואָרט האָט געקאָנט פאַסירן בלויז צו די טעקסטן פון דער קלאַסיק, וואָס האָבן אין זייער הוילער נאַטור געקאָנט האָבן אַ גאַנץ ווידערשפּרעכלעכע ווירקונג, אָבער ניט צום וואָרט—ביכלאַל.

אין באַצוג צו די טעקסטן פון דער קלאַסיק האָט ער פון געפאַר פאַר אידעאָלאָגישער שטרויכלונג זיך געמוזט שאַפן אַ ספּעציִעל־קינסטלערישע דיסטאַנץ פונעם וואָרט און דאָס האָט בײַ אים אַרויסגערופן אַ נויטווענדיקײַט צו פאַרברייטערן די פּלאַסטישע שפּראַך פון זײַנע ריין־שוישפּילערישע מיטלען אַפן כעשבן פון וואָרט.

ווי אַזוי־זשע האָט ער „געקעמפט“ מיכאָעלס מיטן וואָרט.

מיט דער גאַנצער אומגעהויער־רײַכער נאָמענקלאַטור פון זײַנע פּלאַסטישע אויסדרוק־מיטלען,—אָנגעהויבן פון זײַן גוואַלדיק־שפּילן אופרײַסנדיקן אומרו, ווען פון יעדן צעל פון זײַנעם שפּאַרט מיט שטורעמדיקן טעמפּעראַמענט, ווען זײַן יעדער געזיכט־צוג לויפט אַף איינעם און דעם זעלבן אָרט אַריבער די ווײַטסטע שטרעקעס,—דאָס וואָס מע רופט מימיק,—זײַן אומגעהויערע עקספּרעסיוויקײַט און דינסטע גראַפישע צייכענונג פון זײַן באַוועגונג און פון דער שטים פון זײַנער,—אָט די אַלע רײַכע מיטלען האָט ער אָנגעווענדט ווי אַזאַ נערהאַפטע לופט־אַטמאָספער אַרום דעם וואָרט,—די אַלע מיטלען האָט ער אָנגעווענדט ווי אַזאַ מין אייגנאַרטיקן רייעך פונעם וואָרט, אַז פון אים אַליין, פון דעם דאָזיקן רייעך זאָל שוין דער צושויער וויסן, וואָס פאַר אַ וואָרט סע וועט קומען.

פונקט ווי לויטן רייעך, וואָס טראָגט זיך אַף שטרעקעס ווײַט אַרום גערטנער, דער־פילט מען פּינקטלעך די נאָענטקײַט פון דעם אָדער יענעם פרוכט אָדער געוויקס.

און אָט דעם רײַכן פילפאַרביקן קינסטלערישן אַנטוראַזש אַרום דעם אייגנאַרטיקן „קאַמף“, פאַר דערווײַטערן דאָס וואָרט, האָט מיכאָעלס דערפירט צו אַזאַ אויסדריק־

לעכקײַט, אַז דער צושויער האָט אים שוין ווירקלעך געקאָנט פאַרשפּאָרן אַרויסברענגען דאָס וואָרט.

מיכאָעלסן האָט אַזאַ מעטאָד בענויגייע צום וואָרט אַ געוויסן פּעריאָד באַפרידיקט.

ער האָט באַדאַרפט פריִער פאַר אַלץ זיך אויסשעפן און זיך אָנזעטיקן מיט דער שפּראַך פון זײַן אייגענער און אייגנטימלעכער שוישפּילערישער קונסט.

און אין זײַן אייגנטימלעכער שפּראַך פון שוישפּיל האָט ער זיך אויסגעשעפט אָפּן ווען צום דראַמאַטורגישן וואָרט. אָפּ אָט יענעם „אונטערוועגס" האָט ער מאַניפעסטירט דעם העכסטן באַרוף פון דער שוישפּילערישער קונסט, אַלס אַ זעלבשטענדיקער און אומאָפּהענגיקער, וואָס האָט אין איר רעשוס און נאַטור אַלע מעגלעכקײַטן אָפּ אויספילן די פונקציעס פונעם וואָרט אויך.

אַזאַ גרויסער קינסטלער ווי מיכאָעלס האָט זיך דעם דאָזיקן „קאַמף" מיטן וואָרט קעדיי אין דער גאַנצער גרויס און ברייט אַנטפּלעקן זײַן אייגענע און אייגנאַרטיקע שוישפּילערישע אינדיווידואַליטעט, געקאָנט פאַרגינען.

אין דעם דאָזיקן „קאַמף" זײַנען אים אויסער זײַן גרויסן אינטעלעקט און זײַנע רײַכע קינסטלערישע מעגלעכקײַטן, צוהילף געקומען די שפּראַך פון זײַן „נאַציאָנאַלער פאָרם".

— די קימאַט געניאַלע שפּראַך פון זײַנע הענט.

זײַן קאָנען אופּדעקן מיט דער שפּראַך פון זײַנע הענט די דינסטע סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע ניואַנסן, וואָס ווערט אין זײַן פּלאַסטישער פאַראַלגעמיינערונג בא אים דערפירט צו אַ גרעסערער בולעטקײַט, ווי דאָס וואָרט.

— ביז צו אַ סימוואָל!

אין דעם אַלעמען האָט מיכאָעלסן געשפּײַזט בלויז די קלאַסיק.

אָבער בענעגייע די טעקסטן פון דער יונגער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע זײַנען אַלע קינסטלעך־געשאַפענע דיסטאַנצן פון דעם וואָרט באָטל געוואָרן דורך די אידעאָלאָגישע נאָרמעס.

דאָ האָט דער אינהאַלט פון וואָרט דערנענטערט און סאָציאַל־געזעלשאַפטלעך באַלוינט.

דער רײַכער צושלאָג פון נײַע אַסאָציאַציעס, וואָס ס'טראָגט מיט זיך דאָס עכט־קינסטלערישע וואָרט פון דער נײַער רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַליסטישער טעמאַטיק האָט אים ווידער אַמאָל געפּלעפט.

ווײַל בא אַזאַ גרויסן קינסטלער ווי מיכאָעלס האָט דער מעטאָד פון קושן זיך מיטן וואָרט דורך אַ טיכעלע, אַפילע ווען דאָס טיכעלע איז אַ זײַדנס, געקאָנט דויערן ניט מער ווי אַ פּעריאָד. לאַנג זיך פאַרהאַלטן אָפּ אים האָט ער ניט געקאָנט. און אין דעם נײַ־געבוירנווערנדיקן וואָרט פון אונדזער גרויסער סאָציאַליסטישער עפּאָכע האָט ער דערפילט דעם גורל פון דעם אָפּסנײַ געבוירנווערנדיקן רעאַליזם אין אונדזער סאָציאַליסטישן טעאַטער.

ער האָט אויך דערפילט, אַז די רײַכע דערפאַרונג פונעם קלאַסישן פּעריאָד אין גאָסעט דאַרף און מוז אָפּגעגעבן ווערן פאַר דעם נײַעם סינטעטישן אויסדרוק אין טעאַטער, ווו דאָס נײַע נאָך יונגע וואָרט פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם מאַכט איצט איר ערשטן געשיכטלעכן אויפטריט.

און ניט קיין צופאַל איז דאָס, וואָס נאָכדעם, ווי מיכאָעלס איז קינסטלעריש אַדורכגעגאַנגען איבער אַ גאַנצער רײַ פּיעסן פונעם יונגן סאָוועטישן רעפּערטואַר און אומגעקערט דעם וואָרט די „בירגער־רעכט" אָפּ דער בינע פון גאָסעט, נאָכדעם ווי ער אַליין האָט זיך

אידעאָלאָגיש מער פארפעסטיקט אין זײַן קינסטלערישער וועלט־עמפינדונג,—גייט ער איצטער נאָך אמאָל אין דער קלאסיק,—צו שעקספירן ווי א קינסטלערישער שאָליעך פון אונדזער גרויסער סאָציאַליסטישער עפּאָכע, קעדיי מיט נײַע אָפּגעפרישטע מיטלען פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם פונדאָסנײַ אופשנײַדן דעם 16־טן יאָרהונדערט אין דער געשטאלט פון קעניג ליר.

* * *

די ערשטע פופצן יאָר פונעם מאָסקווער מעלוכישן יידישן טעאטער האָבן זיך פארענדיקט מיט א גלענצנדיקן קינסטלערישן ניצאָכן. דער טעאטער האָט נאָך אמאָל געמאָלדן אפן גאנצן קאָל וועגן שטארקע לעבן־זאפטן, וועגן הויכער טעאטראלער קולטור און וועגן א קרעפטיק־אָרגאניזירטן קאָלעקטיוו.

און דאָס וויכטיקסטע:

דער טעאטער האָט אפן שלוס־ספעקטאקל פון זײַנע ערשטע פופצן יאָר, אפ „קעניג ליר“, ווי אפ א גרויסער שיף, באוויזן א מוסטער פון גרויסן מײַסטערהאפטן שווימען.

מע מוז מוידע זײַן, אז צו אָט דיִעם גרויסן שעפערישן רעיס האָט זיך דער טעאטער געגרייט לאנג.

דער טעאטער האָט מאקסימאל—קלאָר און פינקטלעך אויסגערעכנט זײַנע אייגענע קויכעס און די קראפט פונעם מאטעריאל. ער האָט זיך אָנגעגורט, דער טעאטער, מיט די בעסטע דערפארונגען פון אונדזער נײַער אויסגעוואקסענער ליטעראטור. ער האָט זיך אָנגעטאָן אינעם וואָרט פון אונדזער דיכטונג, ווי אין א גוטן אויסגעפרווטן פאנצער, קעדיי בײַצושטיין דעם שטורעם פון שעקספירס פלאמיקע לײַדנשאפטלעכע טעקסטן, וואָס האָט אפ אים געוואַרט אין אָט דעם גרויסן קינסטלערישן רעיס.

און דער טעאטער האָט מיט ערע געבראכט דעם דאָזיקן ניצאָכן אונדזער נײַער סאָוועטישער קולטור.

צוזאמען מיט א גאנצער ריי ניצכוינעס פון אנדערע קונסט־באצירקן האָט אונדזער וואקסנדיקע סאָוועטישע קולטור געקאָנט פארצייכענען דעם דאָזיקן לעצטן זיג אפ דער סצענע פונעם מעלוכישן יידישן טעאטער, ווי א צײַגער פון עכטן וווּקס און פאנאנדערבליי פון נאציאָנאלע קולטורן אין אונדזער פילפעלקערדיקן סאָציאַליסטישן לאנד.

מיטן „קעניג ליר“ וועט דער מאָסקווער מעלוכישער יידישער טעאטער באשטימט ארײַן אין דער געשיכטע פון די שעקספיר־ספעקטאקלען, ווי א מיטשאפער פונעם גרויסן דראמאטורג.

---

אָבער ניט נאָר אין פראכט פונעם קעניגלעכן פאלאץ, ניט נאָר אינעם קלינגעדיקן מעש פון די שלאכט־אוניפאָרמען, מיט וועלכע ס'זײַנען באהאנגען די הויפ־לײַט פון שעקספירס „ליר“, איז געווען פארבאָרגן דער גוירל פון אָט דעם גרויסן קינסטלערישן דערפאלג, וואָס דער טעאטער האָט אונדז דערלאנגט. דער דאָזיקער גרויסער דערפאָלג פונעם מאָסקווער „גאָסעט“ איז ארויסגעוואקסן פון די אָרעמע שטעטלדיקע שטיבלעך,—די אָרעמע שטעטלדיקע שטיבלעך פון דער יידישער קלאסישער ליטעראטור, וואָס איז ניט איינמאָל אופגעריסן געוואָרן דורך דער גרויסער מײַסטערשאפט פונעם „גאָסעט“.

אפ אָט די דאָזיקע אָרעמע שטיבלעכ האָט זיכ דער מאָסקווער מעלוכישער ייִדישער טעאטער אויסגעשליפט זײַנ גרונט־געווער.

פונ די קאָסאקע דעכלעכ, וואָס אפ די אָרעמע שטעטלדיקע שטיבלעכ און כאַלופקעס, האָט דער מאָסקווער גאָסעט מיטנ מויל פונ טרוימער, פונ נויט־געפאנגענע, וואָס האָבנ געבליט אינ דער געטאָ,—מיט זייער מויל האָט דער טעאטער אינ דער הויכ, אפנ גאנצנ קאָל געמאָלדנ דורכ א גאנצער ריי גלענצנדע ספעקטאקלענ וועגנ זײַנ הויכער טעאטראלער קולטור און קינסטלערישער קראפט.

און דער גרויסער קינסטלערישער דערפאָלג פונ „קעניג ליר״, זײַנ עכטקײַט און אופשיטערנדיקע קראפט באשטייט אינ דעמ, וואָס דער מאָסקווער מעלוכישער ייִדישער טעאטער האָט אפ א ריכטיקנ אופנ, מיט קינסטלערישער נויטווענדיקײַט און געזעצמעסיקײַט געקאָנט יארשענענ זיכ אליינ. די גאנצע פופצניאָריקע דערפארונג, וואָס האָט זיכ בא אימ אנגעזאמלט פארנ פעריאָד פונ זײַנע גרויסע קינסטלערישע אופשטײַגנ אפנ קלאסישנ רעפערטואר, איז געווענ דיסקאָנטירט און באוווסטזיניק אָדער אומבאוווסטזיניק ארײַנגעבראכט אינ אָט דער לעצטער קרוינ־ארבעט פונעמ טעאטער.

און בא דער גאנצער קעגנגעזעצטקײַט פונ די טראגעדיעס, וואָס עס שטעלנ מיט זיכ פאָר די געטאָ און דער קעניגלעכער פאלאצ,—בא דער אבסאָליוטער אומעגלעכקײַט צו שטעלנ אינ א וועלכנ ניט איז פארגלײַכ דעמ גורל פונ ביניאָמינ דעמ דריטנ און פונעמ קעניג ליר, קרייצנ זיכ פאָרמעל, קינסטלעריש דאָכ איבער אייניקע ליניעס אינ די דאָזיקע צוויי פארשיידענע טעאטראלע אָביעקטנ.

איבערהויפט אינ זינ פונ מיזאנסצענירונג רופנ זיכ ערטערווײַז איבער אָט די צוויי קעגנגעזעצטע וועלטנ, וואָס ווערנ קינסטלעריש פארבלוטייגט דורכ דעמ איינציק הערשנדיקנ סטיל פונ טעאטער. זיי ווערנ באזונדער בולעט אינ דער שוישפּילערישער גרונט־קראפט פונעמ טעאטער—אינ מיכאָעלסנ און אינ זוסקינענ.

די פרעכטיקע צייכענונג פונ דעמ קעניג מיטנ לעצ אינ סטעפ, בעשאס דער שטורעמ ווערט אפ אנ אויגנבליק פארשטילט און אביסל שטרוי ווײַזט זיכ אויס די פאריאָגטע פארנ אידעאל פונ מענטשלעכנ קאָמפאָרט איז פלאסטיש ארויסגעוואקסנ פונ דער מיזאנסצענ אינ דער קרעטשמע אינ „ביניאָמינ דעמ דריטנ״, ווו די צוויי „קרוינ־זוכער״ טרוימענ וועגנ א קארטאָפל. אויכ די מיזאנסצענ פונ קעניג בא די טעכטער אינ צווייטנ אקט רופט זיכ פלאסטיש איבער מיט דער מיזאנסצענ פונ „צוויי הונדערט טויזנט״, ווענ שימעלע ווערט געוואָרע, אז ער איז אָפגענארט...

אָט די דאָזיקע קרויווּשאפט פונ מיזאנסצענישע לאגעס אינ אזעלכע קעגנגעזעצטע ספעקטאקלענ—אלס קינסטלערישער צײַגער פונ געזעצמעסיקער זעלבסט־יערושע, האָט געגעבנ דעמ טעאטער ביכלאל און מיכאָעלסנ באזונדער די מעגלעכקײַט, אז מיט אָנגעזאמלטע מיטלענ נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ, זאָל ער אפ א גלענצנדיקנ אופנ קאָנענ אויסלאכנ דעמ געקרוינטנ לעצ, וואָס צעשנײַדט די קארטע פונ די ערדישע גיטער אפ זײַנ אייגנ לײַב, פונקט ווי אפנ לײַב פונעמ אָפגייענדיקנ פעאָדאליזמ.

---

אפ אויסצוקנעטנ די געשטאלט פונ קעניג ליר האָט מיכאָעלס גלענצנד אויסגענוצט אלע קינסטלערישע אָנשיכטונגענ, וואָס האָבנ זיכ אפ אימ אָפגעלייגט פאר פופצנ יאָר אקטיאָרישער ארבעט אינ „גאָסעט״.

אָבער די גרונט-פארבן פון אָט דעם אויסערגעוויינלעכן שעקספּיר־געשטאַלט, האָט ער הויפּטזאַכלעך געשעפּט פון דער רײַכער דערפאַרונג, וואָס דער „גאָסטעט“ האָט אָנגעזאַמלט, פון דער ספּעציפיק פון זײַן סטיל און אײגנאַרט; ער האָט זיי געשעפּט די פאַרבן זײַנע אין דער קולטור פון א טעאַטער, ווו ס׳זײַנען אַפּדאָסנײַ געבוירן געוואָרן די ייִדישע קלאַסיקער און, ווו דורך די לעצטע איז דערהויבן געוואָרן דער טעאַטער אַלס א פולווערטיקער אויסדרוק פון דער סאָוועטישער קונסט, וואָס איז נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט.



די טראַגעדיע פון „ליר“ אין מיכאָעלסעס טראַקטירונג איז די טראַגעדיע פון א קעניגלעכן קאָפּ, וואָס איז ניט אָראָפּגעפלויגן אינײנעם מיט דער קרוין.

די טראַגעדיע איז אויסגעוואָקסן, דערפון וואָס דער קעניג, ווען ער האָט פאַנאַנדערטײלט די קרוין צווישן די רויבער, וואָס זײַנען פון אים אַרויסגעקומען אַלס א נײַע מער מאָדערנע פאָרמאַציע פון רויב, איז ניט אײַנגעפאַלן זי צעהאַקן, די קרוין, אף זײַן אײגענעם קאָפּ.

דערפאַר איז ער פאַרמישפּעט געוואָרן צו אויסניכטערונג.

נאָר אין דער זעלבער צײַט איז ער אויך באַלוינט געוואָרן. ער איז באַלוינט געוואָרן מיט דערזען דעם נאַקעטן עמעס, וואָס ער האָט פריִער אַלײן אָפּגעשטויסן אין געשטאַלט פון זײַן באַליבטער קאָרדעליע. ער איז באַלוינט געוואָרן מיט פאַרזוכן דעם עכטן מענטשלעכן צאַאַר. אָט דעם דאָזיקן צאַאַר האָט מיכאָעלס געשפּילט. און מיט דעם דאָזיקן צאַאַר אַן אַריבערגעוואָרפענעם איבער דער פּלײצע ווי א טאָרבע, שטאַרבט ער, דער קעניג אין מיכאָעלסעס טראַקטירונג.

און ס׳איז קײן ווונדער ניט, וואָס ניט געקוקט אף דער טראַדיציע אַרומצוהענגען דעם קעניג מיט פאַרשײדענער בוטאַפאָריע פון פּאַטריאַרכאַלער גרויסקײַט ווי צום בײַשפּיל, א באָרד און א פּאַריק און אַנד., שפּילט מיכאָעלס די דאָזיקע געשטאַלט קימאַט אָן גרים, אָן דעם געקלימפּער פון קעניגלעכער און קריגס־אוניפאָרמען, נאָר ער איז אָנגעטאָן אין א גאַנצ באַשײדענער האַלבאָשע, וואָס דורך איר לויכט זיך אין צווייטן אַקט דורך זײַן לײַב.

אָבער גראָד אָט די פּראָסטקײַט מאַכט זײַן טראַגיש געשטאַלט מאַקסימאַל נאַטירלעך. די דאָזיקע פּראָסטקײַט מאַכט זײַן וואָרט דאָפּלט שאַרף און שנײַדנדיק. זי דערלויבט זײַן יעדע באַוועגונג זײַן עכט. און דאָס געלעכטערל, וואָס כאַוערט זיך איבער אין אַלע פיר אַקטן א מאָל פינף־זעקס, ווערט א לײטמאָטיוו פון עמעסן וואַנזין און טויט.

און ווען ער טראָגט צו די פינגער צו זײַנע אויגן, פאַרשטעלנדיק דעם וועג פאַר די טרערן, און אײַנרײדנדיק זיך, אַז ער וויינט ניט, דערפילט זיי דער צושויער, די טרערן, אף דעם אײגענעם פּאָנעם.

ער האָט ניט באַדאַרפט אָנקומען, מיכאָעלס, צו אויסערלעכע באַהילפיקע זאַכן, וואָס זאָלן דערציילן וועגן זײַן קעניגלעכער גרויסקײַט און וועגן דער גרויסקײַט פון זײַן פּײַן די דאָזיקע גרויסקײַט האָט מיכאָעלס אַנטפּלעקט מיט געדאַנק.

און מיט דעם דאָזיקן מיטל דערהויבט ער זיך צו דער גרויסקײַט פון שעקספּירס געניאַלן דראַמאַטורגישן טעקסט.

ס׳פאַרשווינדט זייַן „ניט־קעניגלעכער" ווּקס. עס׳ שפּילט דער אומבאַגרענעצטער ווּקס פון שעקספּירס לייַדנשאַפטן און טיפקייַט.

און אין דער ערשטער סצענע פון שטורעם אין סטעפּ פילט זיך ווי ס׳וואַקלט און ס׳ברעכט זיך דער אַלטער דעמב פון פעאָדאַליזם אונטער דעם דונערן און קנאַלן פונעם אופשטייַגנדיקן קאַפּיטאַליזם.

און דער אומגעוואַלגערטער בוים ליגט אַפ דער בינע ווי דער גורל פונעם קעניג.

און דעם קעניג בלייַבט איבער צעהאַקן דעם פאַרשטאַנד זייַנעם, פּונקט ווי ער האָט צעהאַקט די קרוין.

דאָ מוז געזאָגט ווערן וועגן טישלערס אַרבעט, ווי וועגן אַ גרויסער קינסטלערישער אַנטפּלעקונג, וואָס וועט פאַר די טעאַטער־קינסטלער זייַן אַזוי באַלערנדיק, ווי דער גאַנצער ספּעקטאַקל „ליר".

---

מיט אופירן דעם ספּעקטאַקל „קעניג ליר" האָט דער מאָסקווער מעלוכישער ייִדישער טעאַטער אַנטפּלעקט גרויסע פילבאַרקייַט און פאַרשטאַנד פאַר קינסטלערישן אָפּקלייַב.

פון אַלע שעקספּיר־טראַגעדיעס האָט זיך „ליר" אַרויסגעוויזן פאַר דער סאַמע אָרגאַניש־צוגעפּאַסטער און נאָענטער צו דעם טעמפּעראַמענט, צו די לייַדנשאַפטן און צו דער גאַנצער פּאַטעטישער פייַערלעכקייַט פונעם „גאָסעט". ס׳איז פאַראַן אַ געשיכטלעכע און קינסטלערישע קאָנסעקווענץ אין דעם, וואָס דער מאָסקווער גאָסעט האָט פאַרענדיקט זייַן קלאַסישן ציקל מיט שעקספּירס „ליר".

הויכע פּאַטעטישע לייַדנשאַפט פון דער דאָזיקער טראַגעדיע האָט זיך צוגעכאַפּט צום טעאַטער און זיך וווּנדערבאַר אַסימילירט אין מיכאָעלסעס אָנגעגליטן טעמפּעראַמענט, און—

מיכאָעלס האָט אָפּגעשפּילט דעם קעניג מיט דער זעלבער כאָכמע, מיט וועלכער ער האָט געשפּילט אַלע זייַנע געטאָ־קעניגס ניט פאַרענדערנדיק זייַן פּאָנעם און ניט באַלעסטנדיק אים מיט ספּעציִעלן קעניגלעכן גרים. ער האָט זיי קינסטלעריש אויפגעשטעלט באַנאַנד, ווי ער וואָלט אַפ זיי אַפ אַלע געוויזן מיט שעקספּירס האַנט, אַז אָן דער קרוין וואָס ווערט דורך דער געשיכטע אָנגעטאָן און וואָס ווערט דורך איר אַליין אַראָפּגענומען צוזאַמען מיטן קאָפּ,—אונטערשיידן זיי זיך ניט איינער פונעם אַנדערן סייַ דער נאַיִוו־טריומפענדיקער וועגן אַ „קרוין" בינאָמין דער דריטער, סייַ דער נאַיִוו טרויערנדיקער נאָך דער פאַרלוירענער קרוין—ליר.

אין דעם באַשטייט דאָס וווּנדערלעכע נייַס, וואָס מיכאָעלס האָט מיט מיטלען פון אָנגעזאַמלטער נאַציִאָנאַלער פאָרם אַרייַנגעטראָגן אין דער טראַקטירונג פון שעקספּירס טראַגעדיעס.

---

פון געשטאַלט צו געשטאַלט, ווי פון טרעפּ צו טרעפּ איבערן לייטער פון דער קלאַסישער גאַלעריע, האָט זיך מיכאָעלס אופגעהויבן צו זייַן ליר.

ער איז געגאַנגען צו אים מיט פולע הויפנס ליריק און דראַמאַטישער קראַפט, ער איז געגאַנגען צו אים מיטן אויסגעשלייפסטן געווער פון גראָטעסק און מיט גרויסער עפּישער שטילקייַט, וואָס ער האָט זיך „אָפּגעשפּאָרט" אַפ זייַן גאַלעריע געשטאַלטן פון דער ייִדי־

שער קלאסיק און געמאכט דאָס ליר־געשטאַלט פאַר א סומירנדיקס, א סאכאקלדיקס, פונ אלע זײַנע פריִערדיקע ארבעטנ.

און בלויז מיט דעמ דאָזיקנ וועג האָט מיכאָעלס צומ פופצניאָריקנ יובילײ פונעמ טע־אטער געקאָנט קומענ מיט אזא רײַפער פולקומער ארבעט, וואָס לויט איר קינסטלערישער קראַפט, געדאנק און מײַסטערשאַפט וועט זי אָנ צווייפל ארײַנ אינ דעמ גאָלדענעמ פאָנד פונ דער טעאטראלער קולטור אינ גאנצנ פארבאנד.

## פונ רעדאקציע:

דרוקנדיק מארקישעס אײגנארטיקע דיכטערישע אימפרעסיע וועגנ מיכאָעלסנ און די ייִדישע קלא-סיקער, האלט די רעדאקציע פאר נויטיק אָפצוצייכענען, אז:

1. אינעמ ארטיקל איז ניט באוויזנ געוואָרנ יענער שעפעריש־אידײיִשער וועג פונ איבערבוי, וואָס ס. מ. מיכאָעלס האָט דורכגעמאכט אינ קאמפ קעגנ נאציִאָנאליסטישער סטיליזאציע און פאָרמאליזמ אינ גאָסעט.

2. אינעמ ארטיקל איז אויך ניט באוויזנ געוואָרנ, וויאזוי די גרויסע שעפערישע דער גרייכונגענ פונ מיכאָעלסנ און פונעמ טעאטער זײַנענ אויפגעגאנגענ אפנ באָדנ פונ יענער הויכער טעאטראלער סאָוועטישער קולטור (אינ דער ערשטער ריי דער רוסישער), וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט ארויסגערופנ צומ לעבנ.

3. די רעדאקציע האלט אויך פאר שטרײַטבאר א ריי אנדערע האנאָכעס, וואָס כ׳ מארקיש אנט-וויקלט אינ דעמ ארטיקל.

מ. אָלגין

# מוישע נאדירס דיכטערישער וועג

## מוישע נאדירס לעצטע ווערק:

„אונטער דער זון“ ראמאן 1926.
„א לאָסט אפּן פּענצטער“, לידער, 1929.
„רעדלאנג אהער די וועלט, „בורזשוי“, לידער, 1930.
„די נײַסטע ווערק פון מוישע נאדיר“, 1932.
באנד 1: „פּויסטן און פּאָנען“.
באנד 2: „דער גענױאלער אידױאָט“,
באנד 3: „טעאטער-טעקסטן“.
באנד 4: „מאָרגן איז מאָנטיק“.
„א וועלט מיט ארבעט“, פּאָעטישע אוטאָביאָגראפיע, אין „האמער“ סעפּטעמבער 1932—מערץ 1935 (נאָך ניט פארענדיקט).
„ריווינגטאָן סטריט“. 1935.
לידער אין „מאָרגן-פרײַהײַט“ און „האמער“, 1932—1935

1

עס איז נויטיק, אז וועגן מוישע נאדירן זאָל אָנגעשריבן ווערן א בוך. און עפּשער ניט איינער. מוישע נאדיר שרײַבט שוין אן ערעך 30 יאָר. מיר זײַנען באקאָנט צוועלף אָפּגע-דרוקטע בענדער פון זײַנע ווערק, א כוץ קלענערע ביכלעך מיט טעאטער-שפּילן און לידער. ווען מע זאמלט צונויף דאָס וויכטיקסטע פון זײַן פּראָדוקציע, וואָלט זיך באקומען א צוואנ-ציק בענדער. זײַן יעדע ליד אין פּראָזע-שריפט באוטרויקט, סטימולירט, וועקט צושטימונג אָדער קעגנערשאפט. וואָס דאָס הייסט, אז מוישע נאדיר איז ניט פון די שרײַבער, וואָס מ׳נעמט זיי ווי עפּעס זעלבסטפארשטענדלעכס. מוישע נאדיר איז קיינמאָל ניט זעלבסטפאַר-שטענדלעך. אים אָדער מע האסט, אָדער מ׳האָט שטארק ליב. ווען מען האסט אים, איז בײַסיק שטעכיק, ביז א קילעניש אין הארצן. ווען מ׳האָט אים ליב, איז ביז עקסטאז, ביז א פאנאטישן פלאם אין די אויגן און ביז שלאָגן זיך פאר מוישע נאדירן.

---

מוישע נאדיר איז עפּשער דער פילזײַטיקסטער און פילקאָלירנדיקסטער פון אלע מיר באקאנטע יידישע שרײַבער, עלטערע און נײַע. ער איז א הומאָריסט, א מײַסטער פון קליינע זאכעלעך, וואָס רופן ארויס גרויסן געלעכטער. ער האָט אָנגעשריבן אָן א צאָל פעליעטאָנען, באטראכטונגען, רעצענזיעס, וועג-בילדער, כאראקטעריסטיקעס פון לעבעדיקע מענטשן—אלץ

אין א פרײלעכן, גוטמוטיק־שמײכלענדיקן טאָן און מיט א שפּראַך וואָס איז דורכגעפּינקלט מיט כײזעק. נאָך איצט אויך, ווען איר לײענט די זעקס ביכער פון זײַנע געזאמלטע ווערק, וואָס זײַנען ארויס אין 1919—ווערט איר פארכאַפּט פון דער פרישקײט און שפּרודלדיקער קוואליקײט פון נאדירס הומאָר. די „נאַטיצן וועגן טעאַטער" זײַנען קלײנע מײַסטערווערק—מוסטערן פון הומאָריסטישער מיניאַטור.

אָבער מוישע נאדיר קען אויך זײַן סארקאַסטיש, סאַטיריש. דעמלט איז זײַן פּען אײַנגעטונקט אין זודיקער גאל. זי פארוווּנדעט זײַן פּען, ווי עס וואָלט פארוווּנדעט א שטאָך פון א מעסער. זי דעגראדירט דעם סוּיגע, זי אנטדעקט אין אים אזוינע מיעסקײטן, וואָס אויב ער איז אן עמפּפינדלעכער מענטש דארף ער זיך באגראָבן. מוישע נאדירס סאַטירע איז ווי א שטארקער זויערקײט־שטאָף, וואָס צעעסט די אויבערשטע צירערײען פון א מענטשן און ווײַזט זײַן אינגעווײד, זײַן טאָך. מע דארף זיך נאָך דערמאָנען די סאַטירעס אף אב. קאהאנען און אנדערע רעדאַקטאָרן, אויך אווראָם רײזענען, ה. לײוויקן, מענאכעמען און די איבעריקע פון דער וואקכאנאליע־כאַליאסטרע. מען דארף ביכלאל אינזינען האָבן די „פּען־און־ביקס" נאָטיצן, וואָס האָבן זיך אזוי פּאָפּולער געמאכט צווישן די ייִדישע רעוואָליוציאָנערע מאַסן. ווען מוישע נאדיר וואָלט מער ניט געשריבן, ווי אָט־די סאַטירישע באמערקונגען, וואָלט ער דערמיט אלײן זיך דערוואָרבן א נאָמען.

מוישע נאדיר האָט זײַן גאנצן לעבן געהאט א שטארקע נײגונג צום טעאַטער—און האָט געשאפן א רײ פּיעסן, וואָס בילדן א טײל פונעם רעוואָליוציאָנערן רעפּערטואַר. אין די פיר בענד פונעם יאָר 1932 אין אײנער אינגאנצן פארנומען מיט טעאַטער־טעקסטן. „ריווינגטאָן סטריט" איז געשפּילט געוואָרן ווי א טעאַטער־שטיק אסאך מאָל. פון די טעאַטער־ווערק האָט שטענדיק ארויסגענומען באַם רעוואָליוציאָנערן עולעם דער בורלעסק „מאָשיעך אין אמעריקע". וואָס איז ווערט דער אָפּערעטישער כאָר פון דעם געלן, שוואַרצן און גרויען:

„מיר הויבן די הענט צום הימל און שווערן.
מיר האָבן פארנאָסע פון ייִדישע טרערן,
מיר גלויבן אין הײליקן ייִדישן וואָרט,
מיר גלויבן אין גאָט און מאָשיעכן זײַן קנעכט.
ניט אונדז א דאָלער און אלצדינג ווערט רעכט.

מיר הײבן פון מאכנע יעהודע דעם דעגעל
מיר קריכן דעם נאָגיד אונטער די נעגל־

זאָל דאָ באמערקט ווערן, אז מוישע נאדיר איז דער בעסטער אנטירעליגיאָזניק אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

מוישע נאדיר איז א זײער גוטער דערצײלער. ער האָט ניט די געדולד אופּצובויען א ראָמאַן לויט אלע געזעצן פון ארכיטעקטאָניק. דערצו איז ער צו שפּרודלדיק, צו אומגעצאַמט, פול מיט אײַנפאלן. אלעמאָל בענויגט ארויסצושפּרינגען פון דער סכעמע און זיך א לאָז טאָן אף א זײַטיקער סטעשקע, וואָס האָט פונקט אין דער מינוט פארכאַפּט זײַן פאנטאַזיע. אָבער אלעמאָל ווען ער האָט זיך געלאָזט אפּן וועג פון פאָרמעלער בעלעטריסטיק, האָט ער באשאפן ווערק פון הויכער קוואליטעט. צווישן אזעלכע פארנעמט דער אווטאָביאָגראפישער ראָמאַן „אונטער דער זון" דאָס ערשטע אָרט. דער טיפּאוש אין דעם ווערק איז אויסגעצײכנט. די סוויווע—נאַדאַיעווער און איסט בראָדווײער—איז געגעבן מיט

גרויסער שילדערישער קראפט. די עפיזאָדנ זײַנענ א געמיש פונ ליריק, סארקאזם אונ אָביעקטיווער באאָבאכטונג, וואָס גיט נאדירס ווערק זייער באזונדערנ, רייִנ נאדירשנ, כאַראקטער. דערבײַ, ווי דער שטייגער בא נאדירנ, איז דאָס ווערק אינטים־פערזענלעכ, כאָטש עס איז א קולטור־בילד פונ אנ עפּאָכע.

מיט זײַנע בעלעטריסטישע ווערק אליינ וואָלט נאדיר געקענט פאר זיכ שאפנ א גאָר אָנגעזעענעם פלאצ אינ דער ליטעראטור.

עס זײַנענ דאָ מיינונג־פארשיידנקײַטנ וועגנ דער רעלאטיווער וויכטיקײַט פונ נאדירס שאפונג־ספערנ. מע וואָלט די צדאָדים געקענט אײַנטיילנ אינ פּראָזאִיקער אונ פּאָעטנ: איינ לאגער זאָגט, אז נאדיר איז גרעסער אלס דיכטער, אנ אנדערער—אז ער איז גרעסער אלס סאטיריקער־דערציילער אינ פּראָזע. עס איז ניט דאָ דאָס אָרט צו לייזנ אָט די קאָנטראָווערזע—אונ עס איז עפשער ניט נויטיק אויכ, ווארום נאדיר איז פונ איינ שטיק אונ די פּראָזע אונ פּאָעזיע זײַנענ בא אים נאָר אויסדרוק־מיטלענ פונ איינ אונ דעם זעלביקנ לעבנס־באנעם. אָבער איינס איז קלאָר פונ אָט דעם „דיספּוט“: מוישע נאדיר איז איינער פונ די גרעסטע רעוואָלוציאָנערע פּאָעטנ פונ הײַנטיקער צײַט אפ דער ייִדישער שפּראכ.

.2

געבוירנ אינ אנ אָרעם־קליינבירגערלעכער ייִדישער פאמיליע אינ גאליציע; אָפּגעלעבט די קינדערשע אונ ייִנגלשע יאָרנ אינ א קליינשטעטלדיקער סוויווע מיט אנ אײַנגעפונדעוועטנ רעליגיעז־ייִדישלעכנ לעבנ־שטייגער, אָבער מיט דײַטש ווי א קאָנצעסיע דער הײַנטיקער וועלט; אריבערגעפאָרנ יונגערהייט קײַנ אמעריקע, וווּ נאָכ א פּאָר פּראָבעס אינ א סוועטשאפּ, האָט זיכ אויסגעשיילט פונעמ יונגנ עמיגראנט א פּראָפעסיאָנאלער ייִדישער שרײַבער־אינטעליגענט אויפ דער איסט סאיִד,—דאָס זײַנענ די אלגעמיינסטע וועג־צייכנס פונ מוישע נאדירס ביאָגראפיע.

מוישע נאדיר איז געווענ דאָס, וואָס מענ רופט אפ דער שפּראכ פונ מארקסיזם א קליינבירגערלעכער אינטעליגענט. דער קלאס קליינבירגער, ווי מיר וויסנ, איז א צווישנקלאס: ער איז ענלעכ צו דער בורזשואזיע דערמיט, וואָס ער לייגט זײַנ האָפענונג אפ פּראָפיט־אָנזאמלונג אונ אפ דער פּראָפיט־סיסטעם ביכלאל; ער איז ענלעכ צום פּראָלעטאריאט דערמיט, וואָס ער ווערט אָנגראכמאָנעסדיק געדריקט פונעמ גרויס־קאפּיטאל אונ אָפּט ארויסגעשטויסנ אינ די רייענ פונעמ פּראָלעטאריאט. ער איז ניט ענלעכ צום פּראָלעטאריאט דערמיט, וואָס ער נעמט, געוויינטלעכ, ניט די איניציאַטיוו אינ קאמפ פאר אומוואַרפנ דעמ קאפּיטאליזם, ווי דאָס טוט דער פּראָלעטאריאט. ער איז ניט ענלעכ צו דער בורזשואזיע דערמיט, וואָס זײַנע ריכטיק־פארשטאנענע אינטערעסנ, אפ א געוויסער שטופע פונ היסטאָרישער אנטוויקלונג, פאלנ צוזאמענ מיט די אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאריאט, וועלכער באפרײַט ניט נאָר זיכ אליינ, נאָר אויכ אלע אונטערדריקטע אונ עקספּלואטירטע.

דער אינטעליגענט, וואָס שטאמט פונ דער קליינבורזשואזיע, אונ לעבט דאָס לעבנ פונ דער קליינבורזשואזיע, געפינט זיכ דעריבער אינ א צווישנ־לאגע: זײַענדיק א מענטש, וואָס פארקויפט די פרוכט פונ זײַנ ארבעט, וואָלט ער, אייגנטלעכ, געדארפט קוקנ אפ זיכ ווי אפ א לוינ־ארבעטער אונ אָנעמענ דעם רעוואָלוציאָנערנ קאמפ קעגנ דער לוינ־סיסטעם ביכלאל, ווי זײַנ אייגענעם קאמפ. זײַענדיק אָבער א טייל פונ דער קליינ־בורזשואזיע,

וועלכע איז דורכ איינ זײַט אירער צוגעסוליעט צומ קאפיטאליזמ, האָט ער ניט דעמ קלאָרנ קלאסנ־באוווסטזײַנ. פונ דער אנדערער זײַט אָבער קענ ער, א קלײנבירגער, ניט ווערנ קײנ אדוואָקאט פונ גרויס־קאפיטאל מיט זײַנ ברוטאלער עקספלואטאציע. יעכידימ־אינטעליגענטנ פארקויפנ זיכ דעמ גרויס־קאפיטאל—אָבער דעמאָלט דריקנ זײ מער ניט אויס דעמ וועלט־באנעמ פונ דער קלײנבורזשואזיע. די אינטעליגענטנ, וואָס בלײַבנ קלײנבירגערלעכ געשטימט, זײַנענ מענטשנ „מיט א צעריסענער נעשאָמע״—אנ אויסדרוק פונ דער עקאָנאָמישער „צעריסנקײַט״ פונ דער קלײנבורזשואזיע.

פאראנ אָבער צווישנ די קלײנבירגערלעכע אינטעליגענטנ אזוינע, וואָס אפ א געוויסנ עטאפ פונ דער היסטאָרישער אנטוויקלונג פארלאָזנ זײ די אלטע פאָזיציעס אונ שטעלנ זיכ אינ דינסט פונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט. דאָס זײַנענ די מער עמפּפינדלעכע די מער־מיט־זיכ־ערלעכע, די מער ווילנ־שטארקע, די אקטיווע זוכער פונ גאנצקײַט, ד. ה. אזוינע, וואָס קענענ ניט לעבנ ווי א ווידערשפרוכ אונ וואָס ווענלנ בעסער דורכגײנ די פּײַנ פונ רעווידירנ זײער גאנצע וועלט־אָנשויונג (אונ דאָס איז אָפט א שווערע פּײַנ), אײדער זײַנ צעריסנ אפ שטיקלעכ.

דער מענטש, וואָס האָט געהאט דעמ מוט דורכצומאכנ אָט דעמ פראָצעס, שוינ זײַענדיק א צײַטיקער קינסטלער מיט א גרויסער רעפּוטאציע בא דער בורזשואזיע (ווי אויכ באמ פראָלעטאריאט), איז דער הײַנטיקער יוביליאר כאווער מוישע נאדיר.

צוריק מיט צענ יאָר האָט ער, כאָטש ער איז געווענ א מיטארבעטער אינ דער „פרײַהײַט״, זיכ נאָכ ניט געפילט ווי א טײל פונעמ קלאסנ־פראָנט. ער האָט געמעגט סימפּאטיזירנ, אָבער ער איז געשטאנענ גײַסטיק אָנ א זײַט. איז אָבער געקומענ א צײַט—ער דערציילט עס אפ זײַנ דיכטער־שפראכ:

„א בליצ האָט נאָענט פונ מיר דערלאנגט א קראכ,<br>
אג אלטנ ברימ אינ צווייענ אויסגעשפאָלטנ.<br>
האָב איכ געשטאָנ א כליפע אונ א לאכ,<br>
אונ מער האָט שוינ מײַנ כאָכמע גיט געגאָלטנ.״

די „כאָכמע״—דאָס איז די קלײנבירגערלעכע געדאנקענ־וועלט, דער קלײנבירגערלעכער צוגאנג צו זאכנ,—דאָס וואָס מוישע נאדיר האָט אָנגערופנ: דאָס זײַנ פארקלעמט צווישנ „יאָ״ אונ „עפשער״.

מוישע נאדיר פארײניקט זײַנ קינסטלער־טאלאנט מיט דעמ קלאס, וואָס קעמפט פאר מאכט קעגנ דעמ קאפיטאליזמ, מיט דער פארטײ, וואָס בילדעט דעמ אוואנגארד פונעמ פראָלעטאריאט—דער קאָמוניסטישער פארטײ. אונטערזוכנ אָט דעמ וועג, וואָס האָט געבראכט נאדירנ פונ דער קלײנבירגערלעכער וועלט צו דער פראָלעטארישער, ביז אָנעמענ די וועלטאָנשויונג פונ מארקס—לענינ—סטאלינ, פונ זינגענ „סטאמ״, ד. ה. פאר דער קלײנבורזשואזיע, ביז שאפנ פארנ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט לידער—פויסטנ, לידער—שווערדנ, לידער—פאָנענ,—דאָס איז די אויפגאבע פונעמ נאדיר־פאָרשער. אָט־דער איבערגאנג—זײַנע צוגרײט־עטאפּנ, זײַנ ווערנ, זײַנע איצטיקע פאזנ—איז דער דיכטערישער וועג פונ מוישע נאדיר. נאדירס טעכניק, זײַנע שאפונג־מעטאָדנ, זײַנע צײַטווײַליקע עקסקורסיעס אָנ א זײַט אונ אמאָל אפ צוריק, זײַנע אײגנטימלעכקײַטנ פונ סטיל, פאטאָס, בילדערישקײַט, שוונג—אלצ לאָזט זיכ דערקלערנ מיט דער סאָציאלער סוויווע, פונ וועלכער ער

שטאַמט, דער סאָציאַלער סבֿיװע, אין װעלכער ער האָט יאָרן געלעבט אין אַמעריקע, און דעם איבערשליסן זיך אױף די נײַע רעלסן פֿון קלאַסן־קאַמף—דאָס װאָס נאַדיר רופֿט: „דער רױטער עראָפּלאַן“.

„די פֿען איז שאַרף, די שװערד איז שאַרפֿער.
מיט פֿען, מיט שװערד, מיט קױלנװאַרפֿער
קעגן קאָמוניסטישע פֿעסטן
אױף טױזנט הײסע בעװעטן...
מיר ליגן אױף אױף שפּעטער סענטימענטן.
די פּוסטע רײד אױף שײַטערהײַפֿנס ברענט־ן.
עס בליצט די האַנט, עס בליצט די שװערד:
עפּעס װערט דאָ הײַנט אױף אונדזער ערד“.

נאַדירס שטימונגען פֿון צװעקלאָזיקײַט, אומבאַהאָלפֿנקײַט און דעריבער שרעקלעכער אײנזאַמקײַט האָבן ניט נאָר אױסגעדריקט די פּסיכאָלאָגיע פֿון דער קלײנבורזשואַזיע, נאָר אױך זײַן אײגענע אומצופֿרידנקײַט מיט אָט דעם גאַנצן אומאַפּעטיטלעכן װעלטל.

מױשע נאַדיר האָט אין זײַנע „טאָג“—און „קונדס“־יאָרן פֿונדעסטװעגן אױסגעהיט זײַן גײַסטיקע אומאָפּהענגיקײַט אין די ראַמען פֿון דער קלײנבירגערלעכער װעלט. אַזױ, למשל, האָט ער זיך ניט געלאָזט אײַנשפּאַנען אין קײן אײנציקן פֿון די קלײנבירגערלעכע „איזמען“. ער איז ניט געװאָרן קײן פּאַטריאָט—כאָטש ער האָט געקעמפֿט קעגן פּאַטריאָטיזם אין נאָמען פֿון עפּעס אַן אַנאַרכיסטיש־געשטימטן „איך“ און ניט אין נאָמען פֿון אַן אידעאַל. אַזױ לײענען מיר אין זײַן זאַמלונג „פֿון מענטש צו מענטש“ (1919):

„און אַז דער הערשער װעט צו מיר קומען און זאָגן: „ביטע שײן, גיב אַװעק דײַן לעבן פֿאַר דײַן פֿאָטערלאַנד“, װעל איך אים ענטפֿערן: „אַדױני קעניג, מײַן לעבן איז ניט מײַנס, עס איז גאָטס... ער האָט מיך אַרױסגעשיקט אין דער גרױסער װעלטשלאַכט מיט דעם באַפֿעל, אַז איך זאָל עס האַלטן בײַ זיך, דאָס לעבן הײסט עס, ביז װאַנען ער װעט דאָס צוריקרופֿן, דורך זײַן אַדיוטאַנט, הער טױט“.

א טײַנע עפּשער ניט קײן זײער װאָגיקע—אָבער פֿאָרט אַזױנע, װאָס זאָגט, אַז אַ מענטש װיל ניט זײַן קײן קאַפּיטאַליסטישער קריגס־פּאַטריאָט.

די קלײנבורזשואַזיע האָט ניט געקענט אײַנשפּאַנען נאַדירן אין דעם װאָגן פֿון פֿאַר־טײַזירטער ייִדישער רעליגיע, פֿון „ייִדישקײַט“ אין אַלע אירע פֿאָרמען. זי האָט אים, בכּלל, ניט געקענט אינגאַנצן איבערקנעטן אין איר פֿורעם. מױשע נאַדיר האָט זיך ניט געלאָזט. ער האָט געלאַכט. ער האָט אָפּגעכײזיקט פֿון דעם גאַנצן װעלטל, מיט זײַנע זיסן, זײַנע װערטן, זײַנע קאַמפֿן, „זײַנע פּערזענלעכקײַטן“. אַמאָל איז זײַן געלעכטער געװען פֿרײלעך, יונג, אַמאָל פֿאַרצװײפֿלט־האַסיק. ער האָט זיך אָפֿט געפּרוּװט ראַטעװען מיט זײַן סינע. ער האָט שױן פֿאַר אײנװעגנס אַרײַנגעװאָרפֿן אין קעסל פֿון זײַן האַס אױף דעם סאָציאַליזם, אױף די אַרבעטער־באַװעגונג, אױף דעם פּראָלעטאַריאַט בכלל („דער פּוסטער מיט ברױט־אידעאַל“, האָט ער געזאָגט, „איז ניט פֿאַר אים“). און בעשאַס ער האָט זיך אַזױ אָפּגערעכנט מיט דער גאַנצער װעלט, האָט ער געפֿילט, אַז זײַן לעבן איז פּוסט, אַז זײַן עקזיסטענץ האָט ניט קײן זין.

ווי א פארצווייפלונג־געשריי האָבן געקלונגען די ווערטער אין זײַן „פון מענטש צו מענטש“:

„מיט די ציין האלט איך מיך צו בא מײַנע עטלעכע פעלזנהאפטע רייד איך זאָל פון זיי נישט אראָפפאלן. מיט די ציין הענג איך אפ עטלעכע אויסגעקליבענע פראזן, וואָס שטייען צווישן מיר און אָן אָפגרונט. מיט די ציין. אָבער איך בין שוין מיד דערפון און נערוועז, און די רייד, אפ וועלכע איך הענג, ווערן פון טאָג צו טאָג שוואכער און אָפגעגוצטער, און ווער ווייסט, ווי לאנג איך וועל מיך נאָך קאָנען האלטן“.

איז געקומען די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די גרינדונג פון דער קאָמפארטיי דאָ— און נאדיר האָט זיך געראטעוועט פון אָט דער גײַסטיקער קווילערײַ.

3

מוישע נאדירס איבערגיין צו דער „פרײַהײַט“ באלד נאָך איר גרינדונג האָט באוויזן, אז אים ציט צו דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. אָבער מוישע נאדירס ארבעט אין דער „פרײַהײַט“ די ערשטע יאָרן האָט באוויזן, אז ער האָט נאָך ניט ארײַנגעטראָגן זײַן רעוואָליוציאָנערע שטימונג אין דער דיכטערישער ארבעט. די „פרײַהײַט“, גופע, האָט אין יענע יאָרן ניט געהאט קיין קלאָרן באגריף וועגן ליטעראטור אלס א געווער אפן קאמפפראָנט. מוישע נאדיר האָט זיך געפילט, ווי א רעוואָלטירער (שוין דאָס שרײַבן אין דער „פרײַהײַט“ איז געווען אן ארויסרופ דער באלעבאטישער וועלט), אָבער ער האָט ניט דורכגעזאפט זײַן פאָעזיע מיט די שטימונגען פון קלאסן־רעוואָלט. פאָליטיק איז בא אים אלץ נאָך געווען איין זאך, פאָעזיע—אצווייטע. אָבער אזוי ווי עס זײַנען פאָרט אָנגעוואקסן קאמפן און אזוי ווי דער עמפינדלעכער לעבעדיקער מענטש, נאדיר, האָט זיך געפילט אופגעטרייסלט פון דעם נײַעם אין געזעלשאפטלעכן לעבן, האָט דאָס צײַטנוײַז געפונען אן אָפקלאנג אין זײַן דיכטונג, שטערנדיק איר „ריינעם“ כאראקטער.

אין דעם פראט איז זייער כאראקטעריסטיש דער באנד „א לאָמפ אפן פענצטער“.

די מערהײַט לידער פון דעם באנד איז עסטעטיש — אינדיווידואליסטיש־פאטאליסטיש. דער הערשנדיקער טאָן איז שטילע איינזאמקײַט, רעזיגנירטע אויסוועגלאָזיקײַט, ראכמאָנעס צו זיך אליין. פאראן א ציקל עראָטישע לידער, אָבער די עראָטיק, ווײַזט זיך ארויס, איז נאָר א מיטל צו פארדעקן די טרויעריקע ווירקלעכקײַט. איבער אלצדינג הערשט דער טויט.

„מיר שלאָגן זיך אם טויט און רויט
צוליב דעם בירנעם שטיקל ברויט
און ברענען אויס דערווײַל ווי קנויט
פארצערט פון ווײַסן נאפט פון טויט“.

מיט א מײַסטערשאפט, וואָס שטייט אפ איין שטופע מיט די גרעסטע לירישע ווערק פון דער וועלט, שילדערט מוישע נאדיר אין „לאָמפ“ דאָס בילד פון א מענטשן—זיך—וואָס האָט ניט קיין וועג.

„מײַן גוף איז א שיף אין דער פינצטער
וואָס בין איך פאר א קאפיטאן?
איך בין אם צעבראָכנטע יאמים
א שטילער און איינזאמער מאן“.

דאָס וואָרט „שטילער“ דארף מען ניט נעמען בוכשטעבלעך. דער דיכטער רעדט וועגן שטילקייט, אים געפעלט זי עפשער ווי א פארבייַלויפנדיקע שטימונג, אָבער ניט ער זוכט, ניט ער קען געפינען די בארויִקונג, וואָס איז דאָס וועזן פון שטילקייט. ער איז דער קעגנזאַץ פון בארויִקונג. אים טוט וויי. ער האָט מוירע פארן לעבן. ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זייַן לעבן. מיט דער מאכט פון א קאָלאָסאלן טאלאנט צווינגט ער דעם לייענער מיטצולעבן זייַן איינזאמקייט, מיטצולייַדן די פּלאָג פון זוכן א זין אין דער וועלט.

דער „עלנטער קוימען“ איז עפשער דאָס אנטפּלעקנדיקסטע ליד אין דעם „לאָמפּ אפן פענצטער“.

„א פייַער האָט אופגעגעסן א שטוב
און איבערגעלאָזט א קוימען
און אן עלנט בוימל מיט פלוימען“.

ווער איז שולדיק אין פייַער? ווער האָט דאָס אלעס אזוי קרום געמאכט? ווער ווייסט אָבער דעם קוימען איז שלעכט. ער איז איינזאם.

„און קיין שטוב האָט ער נישט,
און דער פלוימענבוים בליט אייגער אליין.

און מייַז מריזן ארום.
און שטיינער ליגן שטום.

א גרויסער פארזשאווערטער טשוואָק—
די לענג פון צוויי פינגער—ליגט און
האָט גיט וואָס צו טאָן.
ווערט ער א זינגער.
און ער זינגט:

„אמאָל איז געווען א שטוב.
איצט איז דאָ א טשוואָק.
און דער לאנגער קוימען
שטייט דאָ ווי א באָק“.

עס איז דאָ א צומיש פון הומאָר אין דעם ליד. אָבער דאָס איז פון דעם סאָרט הו־מאָר, וואָס טוט וויי. איבער זיך אליין ווערט דאָ געכייזיקט.

„דער טשוואָק קען נישט זאָגן מער,
ווייַל דאָס הארץ איז אים שווער.
לאָזט דער אלטער עלנטער טשוואק
ארויס א פארזשאווערטע טרער—פון בענקען
און ווער ס'האָט איינמאָל געזען א טשוואָק וויינען
ווערט דאָס אפ זייַן גאנצן לעבן געדענקען.

האָפנונגלאָז. שווער. טויט איז אויך ניט קיין בארויִקונג.

אָבער שוין אין „א לאָמפּ אפן פענצטער“ איז דאָ בא נאדירן א באַוווסטזיניקער פארלאנג ארויסצוגיין פון דער שאָטנ־וועלט, איבערצורייַסן די שפינוועב־פעדים, וואָס פארשטעלן פארן מענטשן די לעבעדיקע וועלט. מוישע נאדיר איז א נאטור א צו שטר רעמדיקע, אז ער זאָל קענען אפ לאנג בלייַבן אין א צושטאנד, וואָס ער האָט כאראקטע־ריזירט מיט אזוינע ווערטער:

„איך בין א מיטל־פינטל
צו אפּטייקערישער וואָג־שאָל,
אפ וועלכער עס ווערן שאָטנס געוואוינן“.

דערצו קומענ דאָכ די אײַנפלוסנ פונ דער אויסנ־וועלט, די פּאָדערונגענ פונ דער באַוועגונג, דער וווּקס פונעמ סאָוועטנפאַרבאַנד, דער אַלגעמײנער קריזיס פונעמ קאַפּיטאַליזמ, די ווילדע ווירקלעכקײַט פונ אַמעריקאַנישער דאָלאַר־הערשאַפט. מוישע נאַדיר קענ שוינ לאַנג ניט בלײַבנ אינ זײַנ העלפאַנד־בײנ־טורעמ. שוינ אינ „לאָמפּ אפנ פענצטער“ מאַכט ער אײנ טריט: צו די האָרעפּאַשניקעס. ער זעט זײ נאָכ ניט ווי רעוואָליוציאָנערנ. ניט אפילע ווי עקספּלואַטירטע. ער זעט זײ ווי פּראָדוצירער. אָבער פונ די שאָטנס ביז די פאַרהערלעכטע אונ אידעאַליזירטע האָרעפּאַשניקעס איז אַ גיגאַנטישער טראָט.

„אײַכ אַלע דורכגעלויכטענע
מײַנ בריוו:
דורכגעלויכטענע הויכקײַטנ
פונ נאָדל-שער, האַמער, אָפּצוויינגע,
פעלנ-רײַסערס, שלאָסערס,
פלאַקספּינערס, קעסלהײצערס,
ערד־גראָבערס, האָלצהעקערס,—
איר אַלע דורכגעלויכטנ אינ פײַערנ
פונ קוזניעס,
אינ די פײַערנ פונ הונגער, אינ די פײַערנ פונ צאָרנ,
אינ די בריכפײַערנ פונ דאַמפערס“.

מוישע נאַדיר זעט נאָכ ניט די אַלע האָרעפּאַשניקעס ווי אַ טײל פונ אַנ אַרמײ, וואָס קעמפט אפ אומצוּוואַרפנ די איצטיקע רויבער־וועלט אונ אײַנפירנ אַ נײַע, סאָציאַליסטישע. די האָרעפּאַשניקעס קומענ באַ אימ צו אַ פּאַרטיקער סודע. זײ זײַנענ ניט קײנ שטרײַטער, נאָר געניסער. אינ דעמ גאַנצנ ווערק פילט זיכ אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צו מאָלנ די האָרעפּאַשניקעס, צו זײַנ מיט זײ; דער טאָנ איז אַ מונטערער, קימאַט אַ יויוולדיקער, אָבער דאָס בילד גופע איז מעטושטעש. „אויכ אַלע דורכגעלויכטענע פונ פײַער, דערהויבענע, מאַכטיקע, אײַכ אַלע פאַרבעט איכ שוינ זיכ זעצנ באַ דעמ לאַנגנ שמאָלנ טיש, וואָס מײַנ געדאַנק האָט געגרײט פאַר אײַכ, ווי פאַר די הײליקע צוועלפ אַפּאָסטאָלנ“. אביסל ווײַטער ווערט „דאָס הײליקע ברויט געבראָכנ“. אַ שטימונג אַנ אימפּעטדיקע, אָבער אַ בילד, וואָס איז גאָר ניט רעאַל.

אונ דאָכ איז דאָס באַ נאַדירנ נײַ. אונ נאָכ נײַער איז דער פּראָגראַמאַטישער טײל, וועגנ „נײַעמ וואָרט“, מיט וועלכנ דער דיכטער ווענדעט זיכ צו די „ברידער, כאַווײרימ יונגע דיכטער“:

„דאָס וואָרט, וואָס איז ניט מער קײנ גאָלדנ קישעלע
אונטער אַ געליבטערס אײדעלנ געזעס,
נאָר אַ וואָרט—אַ ראָד!
אַ וואָרט—אַ רידל!
אַ וואָרט—אַ האַק“.

דאָ האָבנ מיר שוינ דעמ נאַדירנ, וואָס וויל פאַרוואַנדלענ זײַנ פּאָעזיע אינ אַנ אינסטרומענט פונ קאַמפ. די ליניע איז אָנגעמערקט. זי איז נאָכ ניט גענוג שאַרפ, אָבער זי איז דאָ.

האָט נאַדיר אינ יענע יאָרנ עפּעס געהאַט וואָס צו זאָגנ וועגנ די קאַמפנ פונ דעמ אַרבעטער־קלאַס, וועגנ די קאָמוניסטנ? האָט ער געזענ וואָס ס'טוט זיכ אינ דער פּראָלעטאַרישער וועלט?

פאראנ אײנ ליד אינ „א לאָמפּ אפנ פענצטער“, הײסט עס: „יום האדינ“. האָט עס װי א מאָסאָ די װערסער:

„איכ װײס נישט װער
ס׳װעט הענגענ פריִער
אױפ יוניאָנ סקװער:
איכ, צי די רױטע פאָנ“

מױשע נאדיר גײט שױנ צו גאָר נאָענט צום יוניאָנ סקװער. אָבער ער האָט נאָכ װעגנ דער באװעגונג א פּעסימיסטישנ באגריפ: „עמיצער“ װעט קומענ, „עמיצער“ װעט אופרײַסנ די אַלטע װעלט. דאָס אופרײַסנ גופע איז ניט רעאַל געמאָלט.

„עס װעלנ זיכ ברידער פארברידערנ
אונ שװעסטער פארשװעסטערנ,
דערװײַל װעט א װאָלקנבראָכ רידערנ
אונ לאכנ אונ לעסטערנ.

אױפ גאסנ־פאָנארנ צעצונדענע
װעלנ פלאטערנ ברידער.
פונ געשלאָסענע אױגנ, צערונענע
װעט גיסנ זיכ—לידער“.

שטארק. בונטאריש. אָבער נאָכ װײַט פונ עמעסנ קאמפ, װאָס איז גאָר ניט אזױ פאנטאסטיש, אָבער אומגעהײער שטארקער אונ שענער.

װײַטער פונ אָט דער בונטארישער סימפּאטיע פאר דער אבסטראקטער רעװאָליוציע איז מױשע נאדיר ניט געגאנגענ ביזנ סאָפ 1929.

* *
*

עס איז געקומענ די פאלעסטינע־װאקכאנאליע. זי האָט פארשארפט די קלאסנ־צעטײלונג אינ דער ייִדישער ארבעטער־װעלט. זי האָט, װי א שטורעם, אָפּגעפליקט די פױלע עלעמענטנ פונ דעמ פראָלעטארישנ פראָנט, װאָס האָבנ זיכ געהאלטנ אפ א האָר. זי האָט געקרעפטיקט די פארבליבענע. פאר יעדנ מיטפילער האָט זיכ אװעקגעשטעלט מיט דעמ גאנצנ ערנסט די פראגע װעגנ דער אומעגלעכקײַט צו בלײַבנ אינ ניט־אהינ־ניט־אהער צו באנוגענענ זיכ מיט פלאטאָנישער ליבע.

פאר מױשע נאדירנ קומט א פעריִאָד פונ איבערשאצנ די אײגענע װערטנ. װענ מױשע נאדירנ װערט אײנג מיט זיכ אלײנ, קענ ער ניט דיכטנ. ער װערט אנטשװיגנ אפ א שטיקל צײַט. די װאָס קענענ דעמ לאכנדיקנ, כװזעקדיקנ, שפרודלדיקנ, דאכט זיכ, לײַכט־הארציקנ שרײַבער נאדיר שטעלנ זיכ ניט פאָר, אפ װאָס פאר גײַסטיקע ערדציטערנישנ דער מענטש איז פײִיק. די געשיכטע פונ אָט דעמ אינעװײניקסטנ קאמפ איז נאָכ ניט דערצײלט: נאָר נאדיר אלײנ קענ װעגנ אימ דערצײלנ אונ ער האָט דאָס אינ „א װעלט מיט ארבעט“ קוים באַרירט.

װענ ער איז װידער ארױסגעקומענ אינ דער פראָלעטארישער עפנטלעכקײַט, איז דאָס געװענ אנ אנדער נאדיר. פארשװונדנ דער װאָס שטײט אָנ א זײַט, געקומענ א מיטקעמפער אינ די רײענ; פארשװונדנ דער זינגער צוליב זינגענ, געקומענ דער זינגער צוליב זיגנ איבערנ קלאסנ־פײַנט; פארשװונדנ דער פארסאָנענער אינ יעכידעסקײַט, געקומענ—א כאװער.

„דערלאנג אהער די װעלט, „בורזשױ“ איז דער סימװאָל פונ אָט דער נײַער עפּאָכע אינ נאדירס דיכטונג.

„א לאָמפּ אפנ פענצטער" איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אינ 1929. „דערלאנג אהער די וועלט, בורזשוי" איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אינ מײַ 1930. צווישנ די צוויי ליגט, דאכט זיכ, ניט איינ יאָר, נאָר א גאנצער היסטאָרישער פּעריאָד. די צוויי ביכער זײַנענ צוויי וועלטנ, צוויי וועלט־באנעמענ, צוויי אָריענטאציעס, צוויי קעגנזעצלעכע גרונט־מאָטיוונ.

אינ „דערלאנג אהער די וועלט, בורזשוי" האָט פונ מוישע נאדירנ ארויסגעפלאצט דאָס, וואָס ס'האָט זיכ אינ אימ אָ נ ג ע ז א מ ל ט יאָ ר נ ל א נ ג און וואָס איז ביז דעמאָלט קינסטלעכ פארהאלטנ געוואָרנ—אינ קעגנזאצ צו נאדירס אייגענעמ טעמפּעראמענט. וואָרעמ נאדיר איז גאָר ניט קיינ סאָנעטישער. ער איז א ווולקאנישער.

אינ „דערלאנג אהער די וועלט", ווי אינ די ווײַטערדיקע רעוואָליוציאָנערע לידער, האָט זיכ גליקלעכ באהעפט א קעמפערישע וועלטאָנשויונג, א שטורעמדיקער טעמפּעראמענט, א מעכטיקע אויסדרוק־קראפט מיט געזונטער פאָלקיסטישקײַט, וואָס מאכט אָפּט מעגלעכ די העכסטע דערגרייכונגענ פונ פּאעטעס.

„עי, בורזשוי,
גיב אָפּ די וועלט און טײַנע נישט
גיב אָפּ די וועלט! אָט־די מינוט!
גיב אָפּ—דו הינטיש בלוט!"

4

מוישע נאדירס נײַע פּאָעזיע איז דורכגעדרונגענ מיט דער איבערצײַגונג, אז מיר זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ אנ עפּאָכע פונ רעוואָליוציע. עס איז ניט קיינ צוגרייטונג צו רעוואָליוציע. ניט א האָפענונג אפ רעוואָליוציע. ניט א בענקענ נאָכ רעוואָליוציע און ניט, אפילע א רופ צו די ארבעטער, אז זיי דארפנ פארשטיינ די וויכטיקײַט פונ דער רעוואָליוציע. מוישע נאדיר האָט איבערגעלעבט אינ זײַנ באוווסטזײַנ און זיכ ארײַנגעלעבט מיט אלע זײַנע געפילנ אינ דער נײַסטער עפּאָכע פונ דער קאפּיטאליסטישער וועלט, וועלכע דער קאָמינטערנ האָט כאראקטעריזירט ווי „א נײַער טור פונ רעוואָליוציעס און מילכאָמעס". פאר נאדירנ דעמ דיכטער איז די רעוואָליוציע ניט קיינ אבסטראקציע, ווי בא אסאכ אנדערע רעוואָליוציאָנערע דיכטער, נאָר זי איז דאָ, זי איז דער אָטעמ פונ אונדזער לעבנ, זי איז דער ריטמ פונ אונדזער ארבעט, זי איז דער פײַער אינ אונדזערע אויגנ, זי איז די אטמאָספערע, וועלכע רינגלט ארומ און דרינגט דורכ אלצדינג, גרויס און קליינ. זי איז די אטמאָספערע פונ מוישע נאדירס לידער פאר די לעצטע יאָרנ.

מוישע נאדיר מעג אפילע ניט דערמאָנענ די רעוואָליוציע אינ דעמ אָדער יענעמ פונ זײַנע לידער. ער מעג ריידנ וועגנ זאכנ, וואָס האָבנ ניט קיינ דירעקטע שײַכעס צו דער רעוואָליוציע און צו דעמ פּראָלעטאריאט. אָבער דער שליסל צו אלע זײַנע לידער איז געגעבנ אינ אָט דעמ מיטלעבנ מיט דער רעוואָליוציע, אינ אָט דעמ פילנ איר גאנג.

דער אויסגאנג פונ אָט דעמ שטרײַט איז פאר נאדירנ קיינ פראגע ניט: עס וועט זיגנ דער פּראָלעטאריאט, וואָס וועט אָפּרייניקנ די וועלט פונ איר איצטיקנ ווּסטנ מיסט. די אקסנ פונ שטרײַט גופע זײַנענ א רייניקונג־פּראָצעס.

„מיר זײַנענ הייס מיט טויטנ הונגער־פיבער,
אינ ברוסט עס פויקט א ווילדער באראבאנ,
מיר פרעגנ נישט, מיר ווילנ גאָרנישט וויסנ.
מיר הייסנ זיכ באצאָלנ: מאנ פאר מאנ!"

מע מעג אמאָל ניט מאסקים זײַן מיט נאדירן וועגן דער אופירונג פונעם יאָכיד אין א רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע. מוישע נאדיר האָט געפרעגט אין אָנהייב פון זײַן „א וועלט מיט ארבעט":

„צי מעג מען אין שלאכטן ברוזיקע
א קוק טאָן אף וועגן באַזונדערע?
און צי מעג מען רעדן אף באריקאדעס
דעם מילכיגען באַוואונדערן?

איך האָב דאָס געפרעגט בײַ זיך
און געענטפערט זיך מיטן א פּראָסטן וואָרט:
אז מ'כאפּט א קוק אפן האָריזאָנט,
ווייסט מען קלאָרער, ווו מע פאָרט!"

עס קען זײַן א מיינונג־פארשיידנקײַט וועגן דעם אויפן, וויאזוי צו קוקן אפן האָריזאָנט, קעדיי צו וויסן קלאָרער וווהין מע פאָרט. אָבער עס זײַנען ניטאָ קיין צוויי מיינונגען וועגן דעם, אז מוישע נאדיר פילט מיט יעדן טראָפּן בלוט: מע פאָרט! אין מוישע נאדירס פּאָעזיע פון די לעצטע יאָרן איז דאָ דער אַלגעמיינער אימפּעט פון דערנעענטערן זיך צום ענדגילטיקן זיג, איז דאָ דער ריטם פון אָט דעם אימפּעטדיקן „פאָרן" — „אין דעם רויטן צוג פון לענינ", פילט זיך שטענדיק דאָס זײַן פון באריקאדן, דאָס ברענען פון „שלאכטן ברויזיקע".

אָט דאָס דירעקטע ארײַנברענגען די רעוואָליוציע אין טאָג־טעגלעכן לעבן פונעם פּראָלעטאריאַט, אָט דאָס קאָנקרעט־מאכן די רעוואָליוציע אזוי, אז זי פילט זיך ווי א מעכטיקער הארץ־קלאַפּ פון א גאנצער וועלט, איז דאָס באַזונדערע פארדינסט, נאדירס, פאר דער פּראָלעטארישער פּאָעזיע פון אמעריקע. דאָס איז זײַן באַזונדער בײַטראָג.

אנדערע פּאָעטן האָבן אויך געשריבן וועגן דער רעוואָליוציע. אנדערע פּאָעטן זײַנען אויך דורכגעדרונגען מיט דעם באַוווסטזײַן, אז דער קאפּיטאַליזם איז באנקראָט און אז דער פּראָלעטאריאַט איז זײַן באַגראָבער. אנדערע פּאָעטן האָבן מ ע ר ווי מוישע נאדיר געשילדערט די קאָנקרעטע רעוואָליוציאָנערע קאמפן פון די מאסן, אָבער די רעוואָליוציע, ווי א שנעל אָנוואקסנדיקער פּראָצעס; די רעוואָליוציע, ווי אן אַלץ־ארומכאפּנדיקער פײַער; די רעוואָליוציע ווי אן אַלץ־באהערשנדיקער און אַלץ באַשטימענדיקער ווע̇זן פון אונדזערע הײַנטיקע טעג — דאָס איז בא מוישע נאדירן געשאפן מיט דעם גרעסטן אימפּעט און מיט דער טיפסטער איבערצײַגונג־קראַפט, דאָס איז מוישע נאדירס אייגנס.

די רעוואָליוציע בא מוישע נאדירן, האָבן מיר געזאָגט, איז אן אומיטלבארע איבערלעבונג. אָבער ווי בא יעדן רעוואָליוציאָנער־מארקסיסט, איז די איבערלעבונג באַלויכטן מיט דער מארקסיסטישער טעאָריע, באקרעפטיקט מיט פאקטן, וואָס ווערן פארשטאנענע אינעם ליכט פון לענינִיזם. די וואָס קענען מוישע נאדירן דעם אימפּעטדיקן זינגער האָבן זיך קוים געריכט, אז ער זאָל אין זײַנע לידער געבן אן עקאָנאָמישע דערקלערונג פונעם קריזיס. „עקאָנאָמיק און פּאָעזיע — וואָס קער זיך דאָס אָנ"? וועלן פרעגן בורזשואזע עסטעטן. זיי קערן זיך אָן דערמיט, וואָס זיי האָבן בעשוטפעס אײַן און דעם זעלבן אָביעקט — דעם מענטשן. די געזעצן פון עקאָנאָמיק (קאפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיק) טרײַבן דעם ארבעטער ארויס פון די פאבריקן, שאפן די לײַדן פון מיליאָנען. קען א דיכטער בלײַבן גלײַכגילטיק צו די סיבעס פון אָט די לײַדן?

מישע נאדיר האָט א ליד „פראָדוקציע”. זאָגט ער דאָרט ארויס דעם גרויסנ מארק־סיסטישנ עמעס וועגנ דעם, וואָס דער קאפיטאליסט נעמט אוועק באמ ארבעטער דעמ מערוועדס—אָבער דאָ ווערט געזאָגט מיט דער קראפט פונ דיכטונג:

„אמ אונדזערע שפילנדיקע גוטגעאײַלטע מאשינענ באשאפנ מיר
נישט נאָר אונדזער מאָרגענדיק ברויט,
נאָר אויכ אונדזער מאָרגענדיקנ הונגער:
פיר שאָ א טאָג צו באשאפנ טרוקנ ברויט,
די איבעריקע זעקס שאָ אמ באשאפנ נויט
פאר זיכ אונ פארנ גאנצנ הויז־געזינד.
אָ, האָרכט! האָרכט! דער טויט גליטשט זיכ אמ
אונדזערע מאשינענרימענס;
די ארבעטלאָזיקײַט זשומעט אונ זינגט
אמ אונדזערע פלינקע שפינדלעכ;
דער קריזיס קלינגט אינ יעדנ איבערצײַט־קלאפ פונ
אונדזערע האמערס־

אונ קיינער, דאכט זיכ, האָט ניט געמאָלנ דעמ קריזיס מיט אזוינע פראָסטע, קלאָרע, אמכאָדיקע, בײַסנדיקע אונ טיפ־ערנסטע ווערטער.

אזא צוגאנג צו דער ווירקלעכקײַט, אזא וועלט־באנעמ אונ לעבנס געפיל האָבנ געמוזט דיקטירנ נאדירנ נײַע ארויסדרוק־פאָרמענ, נײַע טעכנישע מיטלענ.

י. דאָברושינ

# װעגנ ראָסינס „זינ אונ טעכטער״

1

מ׳דארפ זאָגנ גלײַכ פונ אָנהויב: די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור איז באַרײַכערט געוואָרנ מיט א גוטער, מיט א קינסטלערישער פאָעמע װעגנ דער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר. ש. ראָסינ, א דיכטער, א ליריקער, האָט דעמ ערשטנ מאָל אויסגעפרוווט זײַנע קרעפטנ אפ דער גרעסערער עפיש־שילדערישער טעמע אונ דער דאָזיקער פרווו איז אימ העכסט געלונגענ.

אונ טראכט מענ זיכ אײַנ אינ ראָסינס פאָעמע „זינ אונ טעכטער״, דערזעט מענ, אז ראָסינס פאָעמע שטײט אפ דער איבערגאנג־ליניע פונ דעמ סוביעקטיווג ליריזמ צומ דערצײלעריש־עפישנ מאטעריאל. דער דיכטער ווײס פונ דער דאָזיקער איבערגאנג־ליניע אונ באמיט זיכ געפינענ דעמ מיטלוועג, ניט אײַנרײַסנ, הײסט עס, מיט זײַנע ליריש־פערזענלעכע געוווינהײַטנ אונ דאָכ גײנ צו דער סוזשעטישער אנטוויקלונג, מיט אײגענע ליריש־סוביעקטיווע מיטלענ פרווונ אופשטעלנ טיפאזש, כאראקטער אונ האנדלונג.

ווי אזוי איז דער דאָזיקער מיטלוועג געפונענ געוואָרנ? געפונענ געוואָרנ איז ער מיט דעמ, וואָס ראָסינ האָט ערשטנס ארײַנגעפירט זיכ גופע, זײַנ אײגענע לעבנס־ביִאָגראפיע אינ דעמ טעמאטישנ געוועב פונ דער פאָעמע, צווײטנס, מיט דער פילפלאניקײַט פונ דער פאָעמאטישער סטרוקטור, אונ, דריטנס, מיט די פאָרטרעטארטיקע שילדערונגענ פונעמ טיפאזש, אונ מיט דעמ, וואָס ראָסינ האָט באַשײַנפערלעכ אונ גאנצ בארעכטיקט אויסגעמיטנ די פארברײטערטע אונ אפילע פארטיפערטע דראמאטיזאציע פונ די פערזענלעכע קאָנ־פליקטנ. אדאנק דעמ אלעמ הערשט אינ ראָסינס פאָעמע דער ליריש־פערזענלעכער אָטעמ, ראָסינס ווערק בלײַבט אינ די אָרגאנישע גרענעצנ פונ ליריש־דיכטערישער באָבאכטונג, בעשאס דער באָבאכטער איז א קינסטלער אונ דערצײלט קינסטלעריש פונ דעמ, וואָס ער אונ די ארומיקע זײַניקע האָבנ איבערגעזענ אונ סאָציאַל־איבערגעלעבט.

ראָסינ ברענגט ארויס אינ זײַנ פאָעמע א גאנצנ בינטל רעוואָליוציאָנערנ פונ 1905 יאָר, א בינטל אינטערעסאנטע פיגורנ, וואָס זײַנענ פארשײדנארטיק פארקניפט צווישנ זיכ, פירנדיק א רעוואָליוציאָנערע ארבעט אינ אנ אמאָליקער פראָווינציעלער געגנט. דערבײַ האָט ראָסינ אופגעלעבט פאר אונדז א בילד פונ דער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער ארבעט אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ, באוויזנ די רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענצ, די ארבע־

טערשאפט און די פויערים, מיט געהעריקנ פארשטאנד און היסטאָריש ריכטיק פארבונדנ אינ זייערע סאָציאַלע באַציונגענ, פרווונדיק אויסטיילנ פאר יעדערנ זײַנ באַזונדערנ, כאַראַקטעריסטישנ אָרט און פונקציע אינ דער דעמלטיקער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג.

יאָסל העליער, א יונגער ארבעטער, טאסיע, זײַנ פּאָליטישע דערציערנ, א יונגע רעוואָליוציאָנערקע, א פּראָפעסיאָנאַל, א פאָרשטייערנ פונ דער „איסקרא", דער ארבעטער סטעפאנ, מישקע און דער אוטער פונ דער פּאָעמע,—צוויי באַלמעלאָכישע לערנייִנגלעכ, וואָס מאכנ גלײַכצײַטיק דורכ זייער פּאָליטיש-רעוואָליוציאָנערע לערנשול אינעמ „אונטער ערד",—די פויערימ לוקינ, סטיאָפּעס פאָטער און ווארוואַרע לוקינס טאָכטער—פונ דער דאָרפישער פעריפעריע, וואָס ווערנ יעדערער אפ זײַנ אויפנ ארײַנגעצויגנ אינ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג—דאָס זײַנענ די רעוואָליוציאָנערע „זינ און טעכטער", וואָס ראָסינ האָט באַוויזנ אינ די טיפּישע באַדינגונגענ פונ 1905 יאָר, באַוויזנ אינ פארשיידענע געמעלנ בא דער ארבעט, אפ שטרײַקנ, אפ געהיימע פארזאמלונגענ, אפ דעמאָנסטראציעס, רעוואָליוציאָנערע אויפשטאנדנ, אינ צארישער טפיסע און פארשיקונג.

די מער לעבעדיקע פיגורנ פונ דער פּאָעמע זײַנענ אינ דער ערשטער ריי דער אלטער פויער לוקינ, דערנאָכ זײַנ אייניקל מישקע, אפילע די חייניקער געשילדערטע מוטער זײַנע, לוקינס טאָכטער ווארוואַרע. ס'איז דערפאר, צוגלויבנ, ווײַל דער דיכטער האָט זייערע געשטאלטנ מער אינדיווידואליזירט דורכ זייער אייגענער דראמאטישער לאגע, דורכ דער געשיכטע פונ זייערע פערזענלעכע באַציונגענ מיטנ פּאָרעצ פּאָפּעלישקע, אויסגעפינענדיק זייער אינטערעסאנט און ריכטיק דעמ קלאסנ-באָדנ פונ די דאָזיקע פערזענלעכע באַציונגענ, וואָס דער דיכטער האָט סאָציאַל אופגעדעקט און באַוויזנ.

שטארקער און מיט מער סוזשעטישער אויסגעהאלטנקײַט און צילגעווענדטקײַט האָט ראָסינ געגעבנ די שילדערונגענ פונעמ „פויערשנ סעקטאָר" פונ דער רעוואָליוציע, ס'וואקסט בא אימ געלונגענ אויס די לוקינ-געשיכטע, דער אלטער פויער, בא וועמענ דער פּאָרעצ האָט צוגענומענ די טאָכטער און די בעהיימע, דער פויער, וואָס איז דערנאָכדעמ געקומענ צומ פּאָרעצ מיט דער שטריק פונ דער אָפּגעראבעוועטער בעהיימע נעמענ נעקאָמע:

„פאר הונגער פונ קינד און פאר כארפּע פונ טאָכטער,
פאר ערד און פאר וואלד און פאר שאנד און פאר ווייטעק" (זײַט 132)

אינ דער שילדערונג פונ דעמ פויער לוקינ האָט ראָסינ אינטערעסאנט אופגעדעקט די סאָציאַלע איבערלעבונגענ פונעמ סאָציאַלנ פויערטומ אינ יענער צײַט. אָנהויבנדיק פונ לוקינס „מאָגערער דעסיאטינקע" און ענדיקנדיק מיט דער „הייליקער ראָסיי", וועלכע ווערט באַמ פויער אראָפּגעריסנ בעשאס ער באַקומט די שמיצ,—אומעטומ האָט דאָ ראָסינ מיט געהעריקנ שטייגערישנ און סאָציאַלנ אנאליז אויסגעהעלט דעמ וועג, די סוזשעטישע ליניע, וואָס פירט לוקינענ און ברענגט אימ אפ די סיבירער וועגנ.

ווענ ראָסינ וואָלט גרופירנ זײַנ גאנצע פּאָעמע ארומ דער לוקינ-געשיכטע, ווענ ראָסינס אלע רעוואָליוציאָנערע געשטאלטנ וואָלטנ באַקומענ אנ אייגענעמ קאָנקרעט-אינדיווידואליזירטנ האנדלונגס-אינהאלט, וואָלט דער דיכטער, אויכ אויסגעמיטנ די פאראנענע בא אימ אלגעמיינקײַטנ פונעמ טיפּאזש.

„ביפראט, אז פונ יאָסלס א שטריכ
וועט מענ דערקענענ אי מיכ
און צענדליקער יאָסלס דערקענענ". („זינ און טעכטער" זײַט 21)

זוכנדיק אַפ אַזאַ אויפן פאַראַלגעמײנערונג האָט ראָסינ ניט אויסגעמיטן קײנ אַלגע מײנקײַטן, וועלכע ער האָט דאָך גויוער געווען און פּאַרדעקט אַראַנק דער שטימונגספולקײַט פון זײַנ פאַרהיטער לירישקײַט, מיט וועלכער ער האָט אָנגעוואָפּט די ריכטיקע סאָציאַלע אינטערפּרעטאַציע פון די געשילדערטע געשטאַלטן און געשעענישן.

וואָרים אויך די גאַנצע לוקינ־פּאַסירונג, וואָס וואָלט געקאָנט אָפּגעריסן ווערן פון דער פּאָעמע און פאַרוואַנדלט ווערן אינ אַן עפּיזאָד פאַר זיך, אָט די שײנע פּאַסירונג האָט ראָסינ געצאַמט, אָפּגעהאַקט ערטערווײַז איר לויפנדיקן סוזשעטישן אָטעם, ביכדיי צו פאַרהיטן די גאַנצקײַט פונעם ווערק.

2

זײַנ פּאָעמע פונ 1905 יאָר האָט ראָסינ געשאַפן אינ דער פאָרם פונ לירישער דערמאָנונג, גלײַך פונ אָנהויב גיט ער דאָך ניט אומזיסט צו וויסן, דער דיכטער, אַז זײַנ פּאָעמע שרײַבט ער איצט, ווען ער איז געוואָרן „אַ זינגער באַם פּראָלעטאַריאַט“, ווען די וואָס האָבן אַמאָל אַרויסגערופן זײַנ סינע, „די פאַרפוצטע אינ ווײַסן, צעפּרידענע זויבערע“ האָט מען „ליקווידירט אַלס קלאַס“ און אַלײנ דער דיכטער דערמאָנט זיך איצט אינ רעדט „פונ יענעם ווײַטן נאָענטן אַמאָל, פונ ליבשאַפט אויסגעגליט אינ פלאַם פונ צאָרנ“.

„כ'וועל ניט ריידן אַצינדער פונ זיך,
כאָטש עס וואָלט ניט געשאַדט צו דערמאָנען,
אַ בלאַנק טאָג עס זאָל אַפ דער ליכט
די געשטאַלט פונ פאַרנעפּלטן אָנהויב.
די געשטאַלט פונ אַ גלײביקן יונג,
דעם וווקס פונ בונטאַרישן ייִנגל,
וואָס זײַנ לעבן, זײַנ גורל, זײַנ שווונג
איז אינ קײט פונ דער צוקונפטס פאַרינגלט“. (זײַט 21)

רעדט ער טאַקע, דער דיכטער, וועגנ זײַנ אַמאָל פונ שטאַנדפּונקט פונ אָט דער פאַרווירקלעכטער איצט „צוקונפט“. די קײט פונ דערמאָנונג האָט ש. ראָסינ אַרויסגעשלעפּט, האַלטנדיק זיך פרײדיק־פעסט באַ דעם זיגערישן הײַנט פונ די אונדזעריקע אָקטיאַבער־יאָרנ און דערפאַר איז זײַנ דערמאָנונגס־קײט פּערספּעקטיווּפול, די רינגען פונ די אַמאָליקע לעבנס, וועגנ וועלכע ער רעדט, זײַנען דעריבער געזעטיקט מיט גלויבן און האָפענונג. די הויפט־מײַלע פונ ראָסינס פּאָעמע איז דאָ די, וואָס זי איז באַלויכטן פונ אינעווייניק, איליומינירט, אַזוי צו זאָגן, מיט דער אונדזעריקער אָקטיאַבער שײַנ. אַ ריכטיקער פּראָלעטאַרישער פאַרשטאַנד פאַר יענע קלאַסנ־שלאַכטן, אַ ריכטיקע אידעאָלאָגישע אָפּשאַצונג פונ די געשילדערטע דערשײַנונגען—אָט פונ וואָס ראָסינס קאַפּיטלען און פערזן האָבן באַקומען באַזינונג און פײַנע סאָציאַלע געפלאַנטקײַט.

די בילדער פונ יאָסלס, מישקעס און דעם אוּוטערס קינדהײַט און יוגנט, די געשילדערטע נויט, פּײַנ און האָרעוואַניע אַפ די גווירישע געבײַען און פאַבריקן האָט ראָסינ באַשטראַלט מיט האָפּערדיקע בענקנשאַפט נאָך מענטשלעכן שטאָלץ און פרײַהײַט. ס'איז ניט מער די באַוווּסטע רײזינישע הילפלאָזע דערשלאָגענע אָרעמקײַט, ס'איז אויך ניט קײנ פלאַקאַטיש־רעזאָנעריש געשילדערטע עקספּלואַטאַציע, ס'איז גוט־אויסגעדריקטער לירישער

צאַפּל פון יונגער פּראָלעטאַרישער קראַפט, וואָס ווערט אומווידריק באַרויבט און וואַרפט זיך אין אַרומיקן קאָכיקן קלאַסן־שלאַכט, פלעכט זיך אַריַין אָרגאַניש אין דער אַרומיקער רעוואָליוציאָנערער באַפרײַונגס־באַוועגונג.

„די ביינער שלייפן זיך,
ס'איז ענג זיי אין דער הויט". (זײַט 141)

אַזוי בילדעריש כאַראַקטעריזירט ראָסין זײַן העלד יאָסלען. און אָט דאָס „שלייפן זיך פון די ביינער אין דער ענגער הויט", די אָרגאַנישקײַט פון קרעפטיקן פיזישן יוגנט־מוט גיט ראָסין צו פילן אין דער גאַנצער פּאָעמע, אין אַלע יונגע „זין און טעכטער", וואָס נעמען אָנטייל אין ראָסינס געשילדערטע רעוואָליוציאָנערע עפּיזאָדן.

איינע נאָך איינע גייען זיי בײַ ראָסינען די אײַנדריקפול אָנגעמאָלטע געשעענישן. אפריִער די יוגנט־איבּיצידענטן, בעשאַס יאָסל באַווײַזט צוזאַמען מיט מישקען זײַן באַציִונג צו די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער אַף דער בויונג און בעשאַס מישקע טרעט אַרויס מיט זײַן ערשטן בונטאַרישן טריט אַפן שפּאַציר פון דער באַלעבאַטישער יוגנט אין שטעטל. דערנאָכדעם דער עפּיזאָד בײַ דער דורכגעפאַלענער מאַסאָווקע אין וואַלד, ווען טאַסיע און יאָסל באַהאַלטן זיך אויס אַפן בוים, די געשיכטע פון דעם שטאָטישן מיטינג, ווען מישקע טראָגט אַוועק די פאַרוווּנדעטע טאַסיען, די זעלטן אָנגעמאָלטע באַגעגעניש פון מישקען מיט זײַן זיידן לוקינען, אָפּגערעדט שוין פון דעם דערשיטערנדיקן בילד פון לוקינס עקזעקוציע און דערנאָך דער סאָף פון דער פּאָעמע, דאָס בילד פון די סיבירער פאַרשיקטע און די פײַנע פינאַלע בילד בײַ וואַרוואַרען אין צימער. יעדע פון די דאָזיקע בילדער אַן און פאַר זיך באַווײַזט ראָסינס קינסטלערישע רײַפקײַט, אין די ראַמען פון זײַן עכטער לירישער באַגאַבטקײַט האָט ער פאַרוואַנדלט דאָס וואָרט אין אַזאַ מין אַקוואַ־רעל־פאַרב אַף צו געבן רעאַליסטישע און שטייגערישע דיכטעריש־אינטענסיווע פאַרצייכע־נונגען, אייִנפאַכע האַרציקע און איבערצײַגנדיקע.

אינעם רעאַליסטיש־שטייגערישן פאַרצייכענונגס־סטיל וואַקסט אויס בײַ ראָסינען דאָס פאַרכווישעכטס און פאַראָרעמט שטעטל, ווו יאָסל העליער איז געוואַקסן, עס ווערט באַ־וויזן סענדער בראָמבערגס הויף און דער געלונגענער אין קאַרגע שורעס אָנגעמאָלטער אינטעריער און עקסטעריער פון פּאָפּעלישקעס פּאַלאַץ:

„עס פינקלען די דילן, די טעפּיכער רוען,
עס שווײַגן, ווי שטענדיק, די שווערע גאַרדינען.
אַהינטער די פענסטער עס וויגן זיך טוויעס,
און דופּטיקע ליפּעס און טאָפּאָלן גרינען.

און ווײַטער:

ס'איז שטיל, ס'איז רויִק אין טיפע אַלייען,
עס שלאָפט אַף די סטעזשקעס אַ זאַפטיקער שאָטן—
נאָר עפּעס אַ סינע פון פענעמער ווייעס,
אַזוי ווי אַ פאַכעד וואָלט נאָענט געאָטעמט". (זײַט 123)

ראָסין שטרײַכט דאָ אונטער דעם גליוועררו פון דעם פּאַלאַץ, קעדיי צו קאָנטראַסטירן מיט דער שטורמישער שטימונג, וואָס הערשט שוין אַרום און וואָס וועט זיך אָט באַלד פאַ־נאַנדערלאָדן מיט דער סרייפּע און פויערישן אויפשטאַנד. מיט די דאָזיקע שטייגער־געמעלן,

ווי אויכ מיט פייזאזש־שילדערונגענ—אונ גוטע פייזאזש־שילדערונגענ—האָט ראָסינ דורכויס ארומגערינגלט דאָס לעבנ אונ טאטנ פונ זײַנע העלדנ. אונ אויב אינ אָנהויב פונ דער פּאָעמע ווייט פונ ראָסינס נאטור־געמעל מיט אייניקע ראָמאנטישע פארבנ פונ כאריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ״, באקומענ זיי אָבער באלד בא אימ גאָר אנ אנדערע אונ באזונדערע אָנווענדונג, ראָסינס פייזאזש אונ נאטור־שילדערונג אונ אפילע אויכ די ארומיקע שטייגער־דעטאל באקומט בא אימ א מינ מערקבארע אויסטײַטשערישע סאָציאַלע אָנלאָדונג. די אלע נאטור־עלעמענטנ נישט נאָר זיי באגלייטנ אונ שאפנ די שטימונג ארומ די געשיל־דערטע מענטשנ אונ געשעענישנ, נאָר זיי גיבנ אויכ איבער, דורכנ אונטערטעקסט, די באציִונגענ פונ דעמ דיכטער, זײַנ אָפּשאצונג פונ דער געשאפענער לאגע אונ האנדלונג.

אז יאָסל אונ טאסיע באהאלטנ זיכ אויס פונ זייערע פארפאָלגער בעשאס דער ערש־טער מאסאָוקע אונ אנטלויפנ אינ דאָרפ צו דערוויסנ זיכ, וואָס ס׳טוט זיכ איצט דאָרט באגלייט זיי דער דיכטער מיט אזא ארט נאטור־געמעל:

„שפּיצנ פונ די סאָסנעס ברענענ
אונ א ווינט פונ פעלד זיכ טראָגט,
עס קרייענ שוינ די ערשטע הענער
אינ דער שטילקײַט פונ פארטאָג...״ (זײַט 65)

די סאָציאַלע סימבאָליזירונג פונ דער נאטור, דעמ דיכטערס געבנ צו פארשטיינ, אז די רעוואָליוציע הויבט זיכ באלד אָנ, איז דאָ א קלאָרע א בולטע. פונקט ווי זי איז קלאָר אויסגעדריקט באמ דיכטער בעשאס ער שילדערט, ווי מישקע טראָגט אוועק די שווער פארוווּנדעטע טאסיע, ווענ דער דיכטער שרײַבט:

„עס האָבנ אינ צווייגנ באגלייט:
פונ הינטנ—דער גרויזאמער טויט,
אנטקעגנ—א ליכטיקער שטערנ...״

די זעלבע סאָציאַלע, אזוי צו זאָגנ, סימבאָליזירונג פונ דער נאטור ברויכט ראָסינ, ווענ ער באשרײַבט, ווי די גאסנ פונ שטאָט ווארטנ אפ א רעוואָליוציאָנערנ ארויסטריט, ווענ ער דערציילט וועגנ די וואָלקנס, אז: „ווי בערנ ווי שווערע זיי קריכנ אונ ווערנ פארוואנדלט אינ לייבנ״ (זײַט 112) אָדער אפ זײַט 139, ווו דער רעוואָליוציאָנערער „שטו־רעמדיקער אומרו״ איז גענוג קינסטלעריש איבערגעגעבנ געוואָרנ דורכ בעפיירעש גוטע שילדערנדיקע נאטור־שורעס, וואָס גיבנ איבער די שטימונג ערעוו אנ אלגעמיינעמ ארבע־טער־שטרײַק. דער דיכטער דערזעט דאָ אינטענסיוו ווי „פרימאָרגנס בלוטיקע ווארטנ אָפּ באמ שוועל״ אונ ווי:

„עס רודערט זיכ אינ טײַכ א שלײַענ,
די אויבערפלאכ צערונצלט.
אונ לאָזט מיט איימע זיכ אוועק
צומ שווארצנ דעק״. (זײַט 139)

אָבער באלד בעשאס יאָסל שפּאנט „ק ע ג נ ו י נ ט מיט אָפּגעדעקטנ קאָפּ״, ער גייט, הייסט עס, רופנ צומ שלאכט, באגלייט אימ שוינ ראָסינ גאָר מיט אנדערע שטימונגענ־

שורעס, וואָס דערציילן, אַז יאָסלען זײַנען דאָ באַקאַנט „יעדער וועג און סטעזשקע“ און באַקאַנט איז אים:

„די שאָ, די רעגנ יענע,
וועג די זונ דאָרט לעשט זיכ
באַ אָט יענעמ
דורכגעשטראַלטנ האָריזאָנט...“ (זײַט 140)

און נאָכדעמ ווי דער אופשטאַנד איז פאַרלאָרנ און מענ פאַריאָגט די אָנטיילנעמער אינ סיביר, מישקע און דער דיכטער לאָזנ זיכ פאָרנ קיינ מאָסקווע און פאַלנ אַרײַנ אינ דעמ אײַזנבאַנער־שטרײַק, אינ אָט דעמ איינעמ פונ די שענסטע קאַפּיטלענ פונ בוכ, מאַכט ראָסינ מאַמעש שפּילנ די נאַטור, דעמ שניי, דורכ וועלכנ עס דריקט אויס די ענדערונגענ פונ שטימונגענ און איבערלעבונגענ, אָנהייבנדיק פונ די „שנייענ נאָדלענ“, די בייזע „דעקאַבער־שנייענ“ באַ דער סיביר־באַשרײַבונג, און ענדיקנדיק מיט דעמ ווי אפּ די ריזיקע שטרײַקנדיקע צוגנ „פאַלנ שנייענ און צוגייענ“...

און באַ די שטייגער־שילדערונגענ ברויכט אויכ, ראָסינ, אָט די שפּיל אָפּנ אונטערטעקסט, ער פאַרבאָרגט אָפּט אינעמ שטייגערישנ אָרגאַמענט א צווייענדיקנ באַדײַט, א באַדײַט, וואָס גיט צו וויסנ וועגנ דער פירנדיקער געדאַנקלעכער טענדענצ פונעמ פאַקטדערציילנדיק וועגנ דעמ, אַז יאָסל האָט „געגרונטעוועט בלעכ מיט סאַזשע און מיט פאַקליע“ גיט דער דיכטער צו: „פונ יענעמ בלעכ קאָנ ער אויסשפּרייטנ א לאַנגנ וועג. פונ פאַקליע קענ ער אָנצינדנ א ליכטיקנ, א העלנ פאַקעל... „און דאָס דאָזיקע קומט דאָכ פאָר, ווענ יאָסל האָט זיכ נאָכ ניט באַהעפט מיט דער באַפרײַונג־באַוועגונג...

ס'פאַרגעדענקט זיכ אויכ די קלוגע צווייענדיקע שפּיל אָפּנ וואָרט „אַפּעטיט“ באַמ דיכטער, בעשאַס ער רעדט וועגנ זיכ גופע (זײַט 24). אָט ווי ס'פאַרגעדענקט זיכ די קורצע און פילזאָגנדיקע שורע וועגנ די פאַרשיקטע אינ סיביר, וואָס גייענ „מיט אויגנ פאַרמאַכטע און אָפענע“. דעריקער דאַרפ מענ אינ דעמ פראַט פאַרצייכענענ איינע א שורע, וואָס פאַרענדיקט דעמ קאַפּיטל וועגנ לוקינס עקזעקוציע.

„האָבנ זיכ שטאַרקער צעפּאָכט
און צעפּײַפט די נאַהײַקעס און ריטער,
האָט דער פאַרגליווערטער גאַנצער אַרומ געגעבנ א ציטער...“ (זײַט 136)

די לעצטע אינטערעסאַנט־אומגעריכטע שורע טוט בעעצעמ א שטראַל אינ דער צוקונפט אַרײַנ, דער ציטער, וועגנ וועלכנ ס'רעדט דאָ דער דיכטער, איז שוינ פאַרבליבן אינ דעמ אופגעטרייסלטנ אַרומ, דער ציטער האָט שפּעטער אופגעפלאַמט אינ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ווײַל אַזוינע לוקינ־עקזעקוציעס זײַנען שפּעטער באַצאָלט געוואָרנ — אָט דאָס מיינט דאָכ דער דיכטער צו זאָגנ אינ דעדאָזיקער בילדערישער שורע...

3

קלאָר, אַז ס'איז א סיסטעמ באַ ראָסינענ אינ די „זינ און מעכטער“. ס'איז א סיסטעמ וואָס איז געוויס פאַרבונדנ מיטנ ריינ לירישנ כאַראַקטער פונ דער פּאָעמע, ווײַל דאָס דאָזיקע האָט דערלויבט ראָסינענ אַריבערפירנ דורכויס די שילדערונג אינ פּלאַנ פונ דער לירישער בילדער־סיסטעמ, פאַרשפּאָרנדיק פאַרשיידענע האַנדלונג־עלעמענטנ, וועלכע וואָלטנ אָפּגעפירט דעמ דיכטער צו דער עפּיש־דערציילערישער פאָרמ.

לויט דער ליניע פונ לירישנ געזאנג שווימט אויכ ארופ בא ראָסינענ פונ מאָל צו מאָל דער פאָלקסטאָנ, דער נוסעכ, דעריקער, פונ דער באלאדע־ליד, וועלכנ ער ארבעט איבער גאנצ אָריגינעל אונ וועלכער שטעמפלט ווידער אמאָל ראָסינס פאָעמע אלס סוביעקטיוו־לירישע פאָעמע:

„דערפאר געדענק איכ גוט אָט יענעמ ווײַטנ זומער,
אָט יענעמ גרינעמ זומער,
יענעמ בלוי אונ בלענד,
פונ ערגעצ ווײַט איז דאנ צו אונדז געקומענ
א שווארצער מאָגער באָכערל מיט א שווארצער העמד״. (זײַט 34).

אָדער:

„דרײַצנ יאָר אונ ערשטע פרישקײַט,
ערשטע פרישקײַט, בלענד אונ שײַנ.
גרינע אויגנ איז בא מישקענ,
גרינע אויגנ האָר ווי לײַנ״. (זײַט 38)

דער פאָלקלאָר־סטיל, הי׳ ער זאָל דאָ ניט זײַנ איבערגעארבעט, אפ אזוי פיל אפ וויפל ער פליסט אהער ארײַנ מיט פארטיקע גרייטע וואָרט־פארבנ, מוז ער דאָכ ליריש אבסטראגירנ די שילדערונג, דערווײַטערנ זי פונ דעמ געשילדערטנ אָביעקט. וואָס קאָנ אלנפאלס מער איבערגעגעבנ ווערנ דורכ אייגענע קאָנקרעט־כאראקטעריסטישע בילד אונ וואָרט־אייגנשאפטנ.

דערפאר קומט אימ אָנ שווער, דעמ לירישנ דיכטער ראָסינענ „איבערקאָכנ״ די אָביעקטיווע פרעמדע מאטעריאלנ, וועלכע ער האָט געפרווט ארײַנפירנ ערטערווײַז אינ דער פאָעמע. סײַ דער אופרופ פונ דעמ גובערנאטער, סײַ די רוסישע לידער, וואָס ראָסינ האָט ארײַנגעבראכט אפ צו פארברייטערנ די עפישע האנדלונגס־ליניע, פלעכטנ זיכ ניט ארײַנ אָרגאניש אינ דעמ לירישנ געוועב פונ זײַנע „זיב אונ טעכטער״.

אזוי גיבנ זיכ ניט אײַנ ראָסינענ אויכ די דיאלאָג־עלעמענטנ פונ זײַנ פאָעמע. טאסיעס ארויסטריט, יאָסלס רעדע, אונ מישקעס געשפרעכ מיט פאָפעלישקענ זײַנענ שוואכ. פאר דעמ קאָנקרעטנ אָביעקטיוונ דיאלאָג האָט ראָסינ, הייסט עס, געפונענ ווייניק כאראקטער־וואָרט, כאראקטער־פארב. קלאָר, אז ס׳איז פארבונדנ בא ראָסינענ מיט דעמ, וואָס ער האָט ניט גענוג אויסגעקלאָרט דעמ אינדיווידואליזירטנ כאראקטער פונעמ טיפאזש. לוקינס פאָר ווערטער בא דער עקזעקוציע זײַנענ דעריבער טאקע פיל שטארקער, ווײַל לוקינ אלס טיפ איז שטארקער בא ראָסינענ.

די מאָס פונ דער געשילדערטער ווירקלעכקײַט איז בא ראָסינענ אינ דער פאָעמע באגרענעצט. די געשעענישנ פונ 1905 יאָר האָט ער באטראכט פונ דער זײַט, וואָס איז געווענדט צו זײַנ אייגענעמ לירישנ קאָמפלעקס פונ איבערלעבונגענ, ארײַנברענגענדיק דערבײַ זיכ גופע, ווי געזאָגט, אלס באָבאכטער אונ אָנטיילנעמער אינ די געשעענישנ. ראָסינס פאָעמע שפיגלט ניט אָפ, אונ אינ דער פאָרמ איז זי ניט בארופנ אָפשפיגלענ, די אלזײַטיקע פראָבלעמענ־געשטאלט פונ דער „גענעראלער רעפעטיציע״ פונ 1905 יאָר. אינ זײַנ פאָעמע האָט ראָסינ זייער ריכטיק פארבונדנ שטאָט מיט דאָרפ. עס באמערקט זיכ אָבער א באגרענעצטקײַט, ווײַל די באציִונג צו דער אָנפירנדיקער „איסקרא״ האָט ראָסינ באוויזנ פארבײַגייענדיק אינ טאסיעס א רעפליק אונ אינ דעמ זייער שוואכנ, געשטאלטלעכ ניט באגרינדעטנ סטעפאנענ. ער באַרירט דעמ קלאסנ־מעכאניזמ פונ די פארשיידענע צווישנ־

פּאַרטייִשע צוזאַמענשטויסן פון יענער צײַט, וואָס וואָלט ווידער אַמאָל געהאָלפן מערער דיפערענצירן דעם טיפּאוש, באַווייַזן כאַראַקטער, וואָס איז פאַרבונדן מיט טיפערער סאָציאַלער אָנגעהעריקײַט און וועלטאָנשויונג.

פאַרהיטנדיק אין אַלגעמיין די געשיכטלעכע לאַגע און שטימונגען פון דער געשילדערטער צײַט האָט ראָסין צו באַלויכטן אָפּ צוריק די אַלע געשעענישן און מענטשן מיט דער שײַן פונעם איצט שוין פאַרגעקומענעם זיגרײַכן גרויסן אָקטיאַבער, וואָס האָט באַקרוינט דאָס לעבן און קאַמף פון די אַלע טאַסיעס, יאָסלס, לוקינס און מישקעס.

„און ס'דאַכט זיך וואָרוואָרען—
אין שאָטן פון נאַכט,
אין קנוילן פון רויכיקן נעפּל...
זי האָט זיך אַצינדער געשטעלט
אויף דער וואַך,
אויפן שוועל
פון איר אייגענעם לעבן" (זײַט 165)

אַזוי דערפינדעריש ליריש, ווי דער אַמאָל לויט דער ליניע פון פּילמיינענדיקער שורע, פאַרענדיקט ראָסין זײַן פּאָעמע. וואָרוואָרעס וואַך האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פעסטער, אַ זיכערער און זיגרײַכער. אין זײַנע „זין און טעכטער" האָט ראָסין באַהעפט די ליד פון אַ פאַרשקלאַפּט לעבן מיט דער פרייד פון קאַמף, מיט דער זוניקער זיכערער האָפענונג אויף דעם קומענדיקן זיג. דאָ ליגט דער טיפער באַדײַט פון ראָסינס רעוואָליוציאָנערער פּאָעמע. דאָ ליגן די לירישע דערגרייכונגען פון ראָסינען אויפן געביט פון דער אָביעקטיווער טעמאַטיק.

אורי פינקעל

# דאָס ליד פונ דערוואַכטנ אונ באַנײַטנ

„א בראָדיאַגע וואָלט איכ איצט געווענ, א לומפּ,
ווענ מ'וואָלט, מײַנ לעבנ, ניט דערהויבנ דיכ פונ זומפּ—
טראָגסטו אום מיכ א דערוואַכטנ אונ באַנײַטנ״.

מיט דידאַקטיק פערזנ עפנט זיכ דאָס ביכל „דורכ מי אונ פראַצע״ פונ דעמ יונגנ דיכ־טער רוווע רײַזינ. א בראָדיאַגע וואָלט ער געווענ, א לומפּ וואָלט ער געווענ, ווענ מע וואָלט דאָס לעבנ זײַנס ניט ארויסגעצויגנ פונעמ זומפּ, ווענ מע וואָלט אימ אונ ווענ ער וואָלט זיכ אליינ ניט דערהויבנ אונ באַנײַענ.

ער איז פונ לאָנדאָנ, רוווע רײַזינ, פונ ווײַטשעפּל, פונ זײַנע ענגע געסלעכ, פונ די קעלערנ, ווו די ווענט שוויצנ פונ ווילגאָטש, ווו מע ווינט צו עטלעכע פאַמיליעס אינײַ־נעמ, ווו די יידישע אָרעמקײַט קרעכצט אונטערנ יאָכ פונ נויט, פונ דאַלעס, פונ הונגער אונ קויט, פונ ארבעטלאָזיקײַט.

נאָכ אינ 1905 י. האָט די עמיגראַציע־כוואַליע פאַרשלײַדערט זײַנע עלטערנ פונ אײנעמ א שטעטל אינ ווײַסרוסלאַנד אינ אָט דעמדאָזיקנ קאַפּיטאַליסטישנ אײראָפּײִשנ באָוועל. ניט אפ קײנ סאַכ בלײַבנ אָבער רוווע רײַזינס עלטערנ אינ לאָנדאָנ. די שוויצ־סיסטעמ אינ שאַפּ רײַסט אײנגאַנצנ אונטער דעמ געזונט זײערנ. מענ פאָרט צוריק. מענ וואַנדערט איבער שטעט אונ שטעטלעכ מיטנ דאַלעס, מיט דער נויט. מע קומט צוריק אינ געבורטס־שטעטל. רוווע רײַזינ ווערט איבערגעגעבנ אינ די הענט פונ קאָהאָל־פאַרזאָרגער. דאָס איז געווענ אינ 1916 י. ווענ יענער צײַט שרײַבט רוווע רײַזינ אינ א ליד:

„ס'איז נאָענט מיר פונ קינדווײַז אָנ
דער קלעמ פונ הונגער, פונ פראָסט דאָס קלאַפּנ צאָנ אָנ צאָנ,
די רעדער, פאַרצויגענע פונ ניט שלאָפנ, אונטער די אויגנ;
כ'האָב ניט געזענ דעמ אופגעשײַנטנ האָריזאָנט
פונ טעג מײַנע, וואָס האָבנ כמאַריק זיכ געצויגנ״.

די טעג זײַנע האָבנ געפויזעט, ווי טונקל־גרויע וואָלקנדלעכ איבער האַרבסטיקע ווײַס־רוסישע זומפּנ. אונ אָט איז אָנגעקומענ די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. ער קומט אָנ אינ א סאָוועטישער שול. אָנשטאָט שמיצ, אָנשטאָט קלײַקווידעשדיקנ מוסער—באַגעגנט ער אינ שול ליבע אונ מוטערלעכע צערטלעכקײַט, אָנשטאָט טרויעריקע, אומעטיקע, צוויִעסדיקע

מאָסיוון פון כיידער זינגט ער נײַע לידער וועגן ליבע צו דער נאַטור, צו ארבעט און מי. ער הויבט אָן דורכגעדרונגענע צו ווערן מיט דעם גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם.

אָבער אָט דאָס נײַ־אָנגעהויבנע לעבן פון רייזינען ווערט איבערגעריסן דורך די פּוילישע אָקופּאַנטן. די שול ווערט צעטריבן. אומעטום, איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון ווײַס־רוסלאַנד, טראָגט זיך דורך די בלוטיקע כוואַליע פון פּאָגראָמען.

„ס׳בויגן זיך די ווענט פון פּאַליש־שטוב פון לאָמער—
די קאַזאַרמע פון בעטלער, קאַליקעס און קראַנקע,
ס׳טראָגט זיך נאָך פון ווינקל דער געיאָמער
אַרום א זון, וואָס איז שוין אויסגעגאַנגען״ (ז. 11).

ער האָט ווידער דערזען אַף דער וואָר די געשפּענסטן, וואָס האָבן אים נאָכגעיאָגט אינדערצײַט פון צאַריזם, אינדערצײַט פונעם קאָבצאָנישן וואַנדערן, אינדערצײַט פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. ער האָט ווידער דערהערט דעם קרעכץ פון ווייטיק און פון הונגער. ווידער האָט ער דערזען אומגליקלעכע, רעכטלאָזע קאַלעקעס.

„מיך רופט די קראַנקע מאַמע, קוקנדיק מיט ציטער
אַפן גוף פון טויטן, ווי אַף זיך אין שפּיגל.
— אוי, ס׳איז מלאָסנע, מיר, זאָג, וואָס טוט מען איצטער!—
גיב כאָטש די מאַקוכע דאָרט דאָס שטיקל״ (ז. 11).

ער זעט „מאָרדעס דיקע״, עס טראָגן זיך די שליאַכטישע רויבער מיט זייערע „בלוט־שטשענדיקע אָדלערס״. ער קוקט אַף זיי מיט שרעק און טראַכט זיך:

„ס׳איז נעענטער מיר די כאַקע־פאַרב פון באָלשעוויקעס
און זייער וואָרט דער הימלעך־פּראָסטער—„כאַווער״ (ז. 12).

ער דערציילט עס אַלץ איצט אין זײַנע לידער „סמעלאָ, טאָוואַרישטשי, ווּ׳נאָגו״, פון וועלכע עס ווייעט מיט א קינדישער נאַיִווקײַט. זײַן קינדערשע פאַנטאַזיע לעבט אויף דעם געשטאַלט פון זײַן פאָטער. ער זעט אים א באָלשעוויק, ער זעט אים א רויטן.

„זיי זײַנען אונדזערע, די רויטע מיט די רויטע פאַרבן.

— — — — — — — — — — — — — — —

ס׳וואָלט דער טאַטע א באָלשעוויק זײַן, ווען ער וואָלט באַם אָל ניט שטאַרבן,
ער האָט דעם פּאָדריאַטשיק מיט א הוסט געשאָלטן״. (ז. 12).

ער באַמערקט, אַז די אויסגעשרייען פון די שליאַכטעס „זשידקי, זשידקי, קאָמוניטשע״ זײַנען געווענדעט בלויז צו די ארבעטער און צו דער אָרעמקײַט. ער זעט, ווי די פּוילישע אָפיצערן שמייכלען פרײַנטלעך צו די ייִדישע גווירים. ער פילאָזאָפירט וועגן דעם קינדעריש נאַיִוו און פרעגט זיך אַליין:

„פאַר דער וועראַנדע שפּאַנט דורך מיט געזאַנג א ראָטע:
אָט די אָפיצערן מיט די באַקן גראָב־וואַטאָווע
זיי האָבן דאָך די ייִדן פײַנט, ווי בלאָטע,
פאַרוואָס זשע שמייכלען זיי צום ייִדן באַגישאָוו מיט קאָוועד?״ (ז. 12)

* * *

און אָס די פּוילישע אָקופּאַציע האָט זיך אַזוי אײַנגעקריצט אין זײַן זיקאָרן, אַז ער דערמאָנט זיך וועגן איר שטענדיק אין יעדער דערהויבענעם מאָמענט פון זײַן באנײַטן לעבן. שטייענדיק אַף רישטאָוואַניעס, אַרבעטנדיק שלאָגלעריש, זינגט ער אויס אַ ליד וועגן די, וואָס האָבן אים פון דערדאָזיקער אָקופּאַציע, שרעק און נויט באַפרײַט.

„מיט דער ליד צום טויט, מיט דער ליד צום זיג איז מען געגאַנגען,
ס'הייבט די ליד מײַן טראָט אַף שטאָגעס הויכע, לאַנגע.
ברידער, ווײַסרוסן, אוקראַיִנער און אַרמענער,
לאָמיר הייבן די געבײַענע העכער, שענער!
ניטאָ קיין פעסטונג, וואָס ס'זאָלן זיך די באָלשעוויקעס ניט דערשלאָגן:
סמעלאָ טאָוואַרישטשי, וו'נאָגו״ (ז. 15).

דרייסט, כאַווײַרים, אין גאַנג! אָבער ניט אַלע מאָל איז רייזין דרייסט אין זײַן גאַנג. עפּעס שפּירן אים נאָך די געשפּענסטן פון זײַן קינדישער פאַרגאַנגענהייט, עפּעס קעמפט ער מיט זיי און וויל זיך באַפרײַען פון זיי, נאָר אָפטמאָל נעמען זיי אים אין געפענקעניש.

די פּוילישע אָקופּאַציע האָט ניט נאָר אַרײַנגענומען אים אין נעצן פון שרעק און פון פּאַכאַד, האָט ניט נאָר אויפגעלעבט זײַן דאַלעס און נויט, זי האָט אויך אַף אַ געוויסע צײַט צעליימט, צעהויקערט זײַן ווײַטערדיקן לעבנסגאַנג. און אַפילע שוין שפּעטער, שוין זײַענדיק באַפרײַט פון דער אָקופּאַציע, ווערט ער אַ פּאַרוואָרלאָזטער. ער נעמט איבער אַלע שטיק פון די פּאַרוואָרלאָזטע, גרויסט זיך דערמיט, פּײַנט זיך מיט זייערע אַנאַרכיסטישע קונצן:

„מיטן טשוועק אין שטעקן האָב איך געבעקס אין מאַרק געצויגן,
כ'האָב געפילט זיך היימיש צווישן פּאַריאָגטע הינט״ (ז. 18).

ער ווערט אַ „פרײַער״ וואַנדערער, אַ גייער, אַ מענטש מיט אַ קראַנקן ווילן, וואָס באַרימט זיך און צאַצקעט זיך מיט זײַן קלוימערשטדיקער „פרײַהײַט״. ער היפּערבאָליזירט אַלץ און האָט אַלץ פײַנט. שוין שפּעטער אין אַ פּראָפשול האָט ער צוזאַמענשטויסן מיט די כאַווײַרים, וואָס העלפן אים אויסצולעבן די „דעראָבערונגען״ פון זײַן פּאַרוואָרלאָזטקײַט, די ירושע פון זײַן לומפּישן קינדער־וועג. רייזין סטאַרעט זיך צו פאַרענטפערן דאָס אַלץ מיט זײַן פאַרגאַנגענהײַט.

„אַ קינד—אָן טאַטע־מאַמע פלעגט ער אַוועק אַ היימלאָז־פרײַער,
הונגעריק און גליקלעכ—אַף דער פרײַער שײַן,
און אויב היינט נאָך לײַדט ער אַ פּאַרוואָרלאָזטער באַם שײַטער־פײַער,
איז—ווײַל אין לאַנד אין פרײַען אַ פרײַער וויל ער זײַן...״ (ז. 61).

אין ליר איז בולעט רייזענס שטאַרקע רעצידיוון פון זײַן פּאַרוואָרלאָזטן „פרײַען גאַנג״ און לומפּישקײַט. אַ גרויסע שולד פאַלט דאָ אויך אַף דער רעדאַקציע פון ביכל, אַפן פאָליט־רעדאַקטער, וועלכער האָט געלאָזן אין ביכל די אַלע שעדלעכע רעשטלעך פון רייזינס פאַרגאַנגענהײַט און דערמיט ניט נאָר ניט געהאָלפן דעם יונגן טאַלאַנטפולן דיכטער אויסלעבן זיי, נאָר אַרײַנגעטראָגן דידאָזיקע פאַרמיסטיקונג אין דער ליטעראַטור.

רייזין ווייס, אַז ער אַרבעט פאַר זיך און פאַרן אַרבעטער־קלאַס. רייזין וויל, די געבײַדע זאָל זײַן „העכער, שענער״, רייזין ווייס אָבער, אַז עס סקראָבעט נאָך ערגעץ

באַ אים אַ לומפּישער געדאַנק, אַז ער קען אים נאָך אַ נעם טאָן מיט זײַנע נעגל, אַ צופּ טאָן אַפּדראָסנײַ. ער ענטפערט אים, אָט דעמדאָזיקן געדאַנק: „קיינער וועט מיך ניט דערנידערן, אויב ניט איך אַליין!“ ער פאַריאָגט, ער פאַרטרײַבט אָט דאָס אַלץ, וואָס דערמאָנט אים אָן לומפּישקײַט:

„כ׳ווייס ניט אָפּטמאָל, וואָס מיך טראָגט ערשט
דורך וויב און בלענד פון העכסטער שטאַגע,
צי דער פײַער פון אַ שלאָגלער,
צי דער דראַנג פון אַ בראָדיאַגע?“ (ז. 20).

דאָס איז ניט קיין ריידן מיט זיך, ווי עס האָבן עס ליב געהאַט צו טאָן די „העלדן“ פון דעם אינטעליגענטישן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט זעלבסטגריבלערײַ פון אומעט, פון בענקעניש, פון אײַנזאַמקײַט, פון גאָרנישט טאָן. רייזין אָבער פאַרנעמט זיך מיט אינטימער זעלבסטקריטיק. רייזין סטאַרעט זיך צו באָלשעוויזירן זיך, צו פאַריאָגן פון זיך אָט דאָס אַלץ, וואָס עס ליגט אים אַפּן וועג צו זײַן באָלשעוויסטישער פּראָלעטאַריזאַציע. רייזין איז גליקלעך מיט זײַן שלאָגלערישן הײַנט און פון פרייד דערמאָנט ער זײַן טרויעריקע קינדהײַט.

אָבער די לומפּישקײַט רײַסט זיך אָפּטמאָל אַרײַן אין זײַן דעראָבערטן פּראָלעטאַרישן געוויסן. און, ווען זי קומט צו אים די לומפּישקײַט, די אַנאַרכיסטעשקײַט, הערן מיר באַ אים פאַלשע, שעדלעכע טענער. אַזאַ איז זײַן ליד „אין קאַטלאָוואַנען“. ס׳איז פּאָשעט אַ וווּנדער, וויאַזוי האָט עס די רעדאַקציע דורכגעלאָזן אָט דאָס ליד, און אַ ריי אַנדערע לידער, ווי דער אַלטער אַרבעטער און אַנד., ווו אונדזער אַרבעט ווערט ניט געמאָלט, ווי אַ זאַך פון העלדישקײַט, ערע און רום.

צי, אַ שטייגער, דער ניסדערלאָזבאַרער אויסדרוק—„די בירזשע די פּאַרשיווע“.

דאָס זײַנען באַ רייזינען אידייִש־שעדלעכע דורכרײַסן אַפּ זײַן דערוואַכטן און באַגײַסטן ווען.

* * *

רייזין האָט שטענדיק ליב צו דערמאָנען זײַן קינדהײַט אין פריידן און דאָס גיט אָפּט צו זײַן ליד אַן אויסזען פון טרויער, אַ מינאָרן טאָן. אַפילע איצט, ווען רייזין זעט „דעם אופּגעשײַנטן האָריזאָנט פון שטרענגע פינפיאָר־טעג מיט זײַנע „גרויסע שטראַלנדיקע אויגן“, פאַרגעסט ער ניט זײַן שווערע קינדהײַט און שטעלט איר קעגן די פרייד פון זײַן הײַנט־.

דער פערז זײַנער איז צעצויגן איז לאַנגזאַם און זעלטנווײַז האַסטיק. רייזינס שאַפונג איז ביקלאָל נאָענט צו דער שאַפונג פון די פאָלקלאָר־זינגער פון די יִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן. ער האָט געיאַרשנט פון זיי די שוואַכע און שטאַרקע זײַטן זייערע. ניטאָ באַ אים יענע קלינגעוודיקײַט, יענע האַסטיקײַט. יענער טעמפּעראַמענט, וועלכן מיר הערן און באַמערקן באַ די יונגע פּאָעטן, וואָס גייען נאָך כאַריקן. כאָטש ער אַליין זאָגט, לייענענדיק כאַריקן:

„און אין טעג אין פרײַע, ווען איך האָב מײַן טרייסט געפונען
ניט אַפּ דער לעוואָנע—אַפּ דער ערד, וואָס האָט געברויזט,
האָט פון אויג אַפּ שורעס אַ טרער אַראָפּגערונען:
„אַ צאַרטע האַנט האָט מײַנע האָר ניט געקרויזט“. (ז. 18)

ווי בא דעמ פאָלקלאָר־זינגער, איז זײַנ טעמאַטיק גאַנצ אָפּט א לאָקאַלע, זײַנ לעקסיק א צעכיש־אײַנגעשלאָסענע, א קאָנקרעט־וואָכעדיקע, ווי דאָס פאָלקלאָר־ליד, איז זײַנ פערז ווייניק אינסטרומענטירט אונ דער ריטמ זײַנער איז א פאָלקלאָרישער.

דאָס דערמאָנענ די קינדהײַט בא רײזינענ מאַכט זײַנ שאַפונג צײַטנווײַז פאָליסיש אָנגעזעטיקט. אונ זײַנ ביכל אינגאַנצנ גענומענ איז א לעבנס־געשיכטע, פונ א פּראָוואָרלאָזטנ א געשיכטע וויאַזוי עס ווערט פאַרוואַנדלט שיר ניט קײנ מענטשלעכער אָפּפאַל אינ א גר־ציקנ, פרײדיקנ, איבערגעגעבענעמ אָנטײלנעמער פונ אונדזערע גרויסע סאָציאַליסטישע בויונגענ.

אָט דער פאַרשטויסענער, פאַריאָגטער דורכ דער ייִדישער בורזשואַזיע קאַבצנ, וואָס האָט „געטראָגנ דעמ שפּור פונ היימלאָזיקע הינט", ווערט א באַגײַסטערטער באַשיצער פונ דעמ סאָציאַליסטישנ אײגנטומ. ער ציטערט איבער יעדנ שטײנדעלע אונ האָט אופריכטיק ליב די רויטע ציגל פונ אונדזערע בויונגענ:

„פיר די רויטע ציגל צומ לאַטאָק צומ רויטנ
אונ ניט צעוואַרפ די ציגל איבער שטײנ־ברוק ברײטנ,
אַז די ציגל זאָלנ פלאַצנ אַפנ האַרטנ ברוק
אונטערנ פלינקנ קײַקל פונ שווערנ רעדער־דרוק.
אינ יעדנ קרעכצ פונ ציגל, וואָס פלאַצט דאָרט אַפנ שטײנ,
פילסטו ניט דעמ ווײטעק, ווי פונ אײגנ בײנ?" (ז. 37)

אָט מיט די דאָזיקע באַוווּסטזיניק־סאָציאַליסטישע רײד ווענדט ער זיכ צו דעמ אײַלנדיקנ שאָפער, וואָס ברענגט ציגל אַפ דער בויונג. אונ ווי אינטימ, ליריש־האַרציק איז אָט דאָס דאָזיקע ליד זײַנע „קאָנווײער פונ ציגל". עס צעגיסט זיכ זײַנ שטימ אינ העל־באַכײַטע טענער וועגנ זײַנ סאָציאַליסטישער אַרבעט. ס'איז אַפילע, דאָס ליד, מיט א רעפרענ גלײַכ ווי אינ א פאָלקלאָרישנ ליד.

עס וואָלט געווענ גאָר ניט ריכטיק, ווענ מיר וואָלטנ אינ רײזינס שאַפנ באַמערקט ניט מער ווי א פרײד, וואָס שײַנט דורכ דורכ די טונקעלע ברילנ פונ שווערע זיכרוינעס. נײנ, אַפ רײזינס געזיכט ווײַזט זיכ גאַנצ אָפט אַנ אַנטבלויזטער שמײכל, א איראָניע. אָבער, אויב רײזינס טרויער, רײזינס סאַרקאַזמ איז דורכגעדרונגענ מיט פײַנטשאַפט צו דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ, צו שנאָרערײַ, וואָס איז א שטענדיקער מיטגײער פונ דער דאָזיקער סיסטעמ, איז רײזינס איראָניע געווענדעט קעגנ די פאַרורטײלנ, וואָס האָבנ זיכ נאָכ אײַנגעהיט פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ די מויכעס פונ די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער.

רײזינ האָט, דאַכט זיכ, דער ערשטער אינ דער סאָוועטישער פּאָעזיע געווידמעט א פּאָעמע דער פרוי אַפ דער פאַבריק. דאָ לאַכט רײזינ אויס יענע פאַרורטײלנ פונ יענע אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער אינ באַצוג צו דער פרוי, דער קוואַליפיצירטער אַרבעטערנ אַפ דער בויונג:

„דאָס ביסטו אַרופ די ערשטע אַפנ דאַכ,
ווענ אַרומ האָט מענ געטײַטלט אונ געלאַכט.
האָסט פאַרנומענ אינ דעמ שווינדל פונ געבײַ:
זע, א מײדל אַפנ דאַכ, אײַ, אײַ". (ז. 25)

האָבנ מיר ניט דענ אינ די דאָזיקע אויסרופנ „אײַ, אײַ" א צעשטערנדיקע איראָניע איבער די קאָנסערוואַטיווע מײנונגענ אונ געדאַנקענ. די דאָזיקע פּאָעמע, וואָס איז אָנגעשריבנ לויט די מוסטערנ פונ פּראָלעטאַרישנ פאָלקלאָר, וואָלט געווענ אײנע פונ די בעסטע

ווערק פון דער יונגער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע, ווען רייזין וואָלט ניט מיסגעברויכט מיט דער שוואכער זײַט פון דעם פאָלקלאָריסט—מיט דער לאָקאלישקײַט, ד, ה. ווען ער וואָלט אויך דאָ ניט באנוצט צופיל מאליערישע טערמינען, וואָס זײַנען דעם לעזער אומבאקאנט און פארקלענערן דעם ווערט פון דעמדאָזיקן ציקל לידער, ווי ביקלאל זײַנען לידער, וואָס זײַנען געווידמעט דער ארבעט.

אין דעם ציקל לידער ווענן דער פרוי אפ דער בויונג האלט ער זיך בא דורכגעלעבטע פאקטן. די בויונג קומט פאַר אין דער געבײַדע פון א געוועזענער שול. רייזין זאָגט אָן דעם לעזער וועגן דעם, אז דידאָזיקע סינאגאָגע, פונוואנען עס פלעגט פארשפרייט ווערן די אידעאָלאָגישע פינצטערניש, וועט ווערן א קולטור־הויז.

„מיט טאנצ אין רעגנבויגן,
פון באבעלעך אין קאָרן,
פליִען פאנקעס אויגן
אפ פארבן אין אוזאָרן.
. . . . . . . . .
אפ מאַגנדאָווידס ווענטל
וואקסט אין זאנגען־פלאמער,
אונטער פאנקעס פענדזל,
דער הערב פון סערפ און האמער“. (ז. 27).

גרויסארטיק ווערט די געשטאלט פון דער פרוי, וואָס ארבעט אלס א מאליער א שלאָגער צוגלײַך מיט ארבעטער־מאנסבילן אפ דעם פאָן פון דער סינאגאָגע, וואָס האָט גערופן צו דער שענדלעכסטער פארקנעכטונג פון דער פרוי.

וואָס איז ווערט די פאָלגנדיקע סטראָפע פון רייזינס אן אנדער ליד. דער פאָלגנדיקער אינטימער געשפרעך זײַנער מיט זײַן מײַסטער:

„די צײַט, וואָסביידן אונדז דערהויבט, דערהויבט אויך אונדזערע פארלאנגען,
וואָס מיר קענען ניט אי־גאנצן, צום באדויערן, דערלאנגען
זאָל איך עפּשער שוין אפ שטענדיק בלײַבן דאָ באם פענדזל־הענטל?
ווייסט דאָך, א פּאָעט אָן וויסן—איז א מאליער אָן א פענדזל“. (ז. 47)

רייזין האָט אופריכטיק ליב זײַן מײַסטער, האָט אופריכטיק ליב זײַן פּראָפעסיע. באם געזעגענען זיך שטעלט זיך אים פאַר די יוגנט פונעם מײַסטער, ווען ער ארבעט אפן פאָדריאטשיק, ווען ער איז אין נויט און אין דאלעס, ווען זײַן ארבעט ווערט גערעכנט פאר א שאנדע. און רייזין זאָגט אים מיט א ציטעריקער שטים:

„דו—דו האָסט די יוגנט דײַנע בא דער אלטער וועלט פארלאָרן,
איך האָב דאָך אין פרײַען לאנד דורך וואָגל־טעג פארשווענדט פיל יאָרן,
שולדיק איז די וועלט די אלטע... זאָל זשע אָט דעם לעצטן טרויער,
ווי א לעצטן רויך, צעווייען דער געזאנג פון אלטן בויער“. (ז. 48).

רייזין זינגט א העפקערדיקן, נאָגנדיקן, פאָלקלאָרישן געזאנג, ווו עס ווערט געפירט א דיאלאָג צווישן דעם אלטן מאליער און דעם עמערל פארב.

„אן עמערל פארב, אן עמערל פארב.
פאלט פון העכסטן גאָרן—
אוי, כ'האָב ניט געקענט פארהיטן
מײַנע בעסטע יאָרן“. (ז. 48).

אונ סינע אונ האס רופט ארויס בא רייזינען דער אָנדענק וועגנ דעם פּאָדריאטשיק, וואָס האָט אװעקגערויבט די יוגנט פונ זײַנ מײַסטער:

„שטיי איכ אופּ הײַנט האלבע נאכט, האלבע נאכט,
ניט דעם מויער פארבנ—
כ'וועל געפינענ אונ צעטרעטנ
דעם פּאדריאטשיקס שארבנ". (ז. 48).

רייזינ ווענדעט זיכ צו לענינס דענקמאָל: „ווער וועט אומקערנ מײַנ יוגנט?" אונ עס ענטפערט אים דער דענקמאָל:

„— וואָס האָסטו פארלאָרנ,
ווענ איכ זע, ווי מיר אנטקעגנ
ווערט א וועלט געבאָרנ?". (ז. 48).

* * *

אײנער פונ די בעסטע פרײַנט רייזינס אפּ דער בויונג איז א געוועזענער פּריצישער פּאסטעכ וואנקע. אינ אײנער א ליד רייזינס דערציילט וואנקע דעם שוידער פונעם פּאס-טעכישנ לעבנ אינ פּריצישנ הויפּ. אונ ווי אינטים, ווי אופריכטיק דורכגעפירט איז דאָס ליד, וואָס האָט אײַנגעזאפּט אינ זיכ אלע מײַלעס, שײנקײַט אונ מעלאָדישקײַט, דעם הארציקנ יאָמער אונ די בײַסנדיקע איראָניע פונ דעם ארבעטנדיקנ ווײַסרוסישנ אונ ייִדישנ פאָלקלאָר.

„אז קי פארגייענ ניט אינ כוטער
לאָזנ מיר צורו,
פארטויבט דאָס פייגל-כאָר מײַנ דודע
דו—דו, דו—דו, דו—דו.
קײַקלענ שאָענ זיכ אונ זאָרגנ
מיטנ שײַטער-רויכ,
נאָר דודקע הײַנט אונ דודקע מאָרגנ—
ס'דודקעט שוינ אינ בויכ". (ז. 65).

דאָס זײַנענ מער ניט, ווי צוויי סטראָפעס פונ דער „פּאסטאראליע". מיר האָבנ דאָ א רעאלנ ניט אויסגעטראכטנ פּאראָקטיאבערישנ קאָלאָריט. „די איקאָנע אונ דער כיידער האָבנ אונדזער בליק אמאָל פארבלענדט". ער באדויערט אופריכטיק וועגנ דעם, וואָס דאָס לעבנ האָט זיי ניט געגעבנ קיינ מעגלעכקײַט צו דערנענטערנ זיכ אינ דער קינדהײַט אונ רופט אויס מיט פרייד:

„אויב ס'האָט אונדז די קינדהײַט ניט פארבונדנ, וואנקע,
דורכ פרייד אונ האָרעוואניע די יוגנט אונדז פארבינדט". (ז. 75).

ווענ רייזינ רעדט וועגנ זײַנ קינדהײַט, איז עס ניט בלויז זײַנ, רייזינס, קינדהײַט אלײנ, נאָר פונ פיל קינדער פונ דער אָרעמקײַט באם צאריזמ אונ אויכ איצט אינ די קאפּי-טאליסטישע לענדער.

ווענ דו לייענסט די בעסערע לידער רייזינס, לעבסטו איבער די פרייד, וועלכע דו קענסט איבערלעבנ נאָר אינ אונדזער לאנד, אינ דעם לאנד פונ דעם זיכ בויענדיקנ סאָצי-אליזמ. דאָ האָט עס געקענט געמאָלט זײַנ, אז א געוועזענער פּארוואָרלאָזטער זאָל ווערנ א שלאָגלער א דיכטער א ד ע ר װ א כ ט ע ר, א ב א נ ײַ ט ע ר.

* * *

רייזינענ שטייט פאָר, אינגאנצנ צו באפרײַענ זיכ פונ די רעשטלעכ פונ לומפישקײַט אונ אנארכיסטישקײַט, וואָס פארפאָלגנ אימ אונ ער מוז זיכ אידייִש אונטערשמידנ אונ העכערנ זײַנ פאָליטישנ ניוואָ. אימ שטייט פאָר אפ ווײַטער צו באפרייענ זיכ פונ דעמ אנאר-כיזמ אינ די לידער אונ אינ דער שפראכ, פונ דעמ באדכאָנישנ גראמ, אשטייגער: „דרײַ מאָל—אפנ פאָל"; סטרוזשקע—הושקע". וואָס מער באפרײַענ זיכ פונ לאָקאליזמ אינ דער לעקסיק, פונ צעכישער טערמינאָלאָגיע.

רייזינ מוז אפ ווײַטער אויסמײַדנ די אלע פעלערנ.

---

# כראָניק

## 50־יאָריקער יובילײ פונ מוישע נאדיר

דעמ 9־טנ מארט ד. י. איז אינ ניו־יאָרק 60. ניקאָלאס פּאָלאס פאָרגעקומענ די פײַערונג פונ מוישע נאדירס 50־יאָריקנ יובילײ. אפנ אָוונט זײַנענ געקומענ העכער 5 טויזנט מענטשנ. דער כ׳ ראבאָי עפנט דעמ פײַערלעכנ אָוונט. אינ זײַנ קורצער באגריסונג־רעדע כאראקטעריזירט ער כ׳ מוישע נאדירס שאפנ. אינ נאָמענ פונ דער „מאָרגנ־פרײַהײַט“ אונ פונ דער ייִדישער ביוראָ פונ דער קאָמוניסטישער פארטײ פונ אמעריקע באגריסט דעמ יובילאר דער כ׳ אָלגינ, וועלכער רעדט וועגנ זײַנ טאלאנט, וועגנ זײַנ קעמפערישקײַט אדאנק זײַנ אָנשליסנ זיכ צומ רעוואָלוציאָנערנ ארבעטער־קלאס אינ אמעריקע. עס באגריסנ אויכ פאָרשטייער פונ „פראָלעטפענ“, פונ די שולנ באמ אינטערנאציאָנאלנ ארבעטער־אָרדענ א. אנד.

מיט אנ אינטערעסאנטער אינהאלטרײַכער ענטפער רעדע איז ארויסגעטראָטנ דער יובילאר — כ׳ מוישע נאדיר, אָפּשטעלנדיק זיכ אפ זײַנ דורכגעמאכטנ שעפערישנ וועג, זאָגט צווישנ אנדערנ דעמ כ׳ מוישע נאדיר:

„... פונ א מיטלשטאנדלעכנ שרײַבער מיט קאָלערלײ פריווילעגיעס אונ גאָר קײנ היסכײַוועסנ ניט צו קײנעמ, בינ איכ, אדאנק דעמ אימפעט אונ אָנרעג פונ די פראָלעטארישע קאמפנ, גליקלעכ, קאָנ איכ זאָגנ, אָנגעקומענ צו דער שטופע פונ א שריפטשטעלער מיט א פולער פארפליכטונג צומ ארבעטער־קלאס אונ אָנ שומ דיכטערישע פריווילעגיעס, סײַדנ אויב מע זאָל רעכענענ פאר א גרויסע פריווילעגיע דאָס רעכט צו טראָגנ אזא גרויסארטיקע היסכײַוועס צומ קעמפנדיקנ פראָלעטאריאט...“

א רײ זשורנאלנ אונ צײַטונגענ ווידמענענ גרויס אופמערקזאמקײַט דעמ 50־יאָריקנ יובילײ פונעמ שרײַבער מוישע נאדיר.

## זיצונג פונ דער הויפּט-רעדאקציע „מענטשנ פונ פינפיאָר“

דער כ׳ א. מ. גאָרקי האָט אפנ ערשטנ צוזאמענפאָר פונ די סאָוועטישע שרײַבער פאָרגעלײגט שאפנ א גרויסע קאָלעקטיווע ארבעט פונ די שרײַבער, וואָס זאָל אָפּצײכענענ די רומפולע דאטע, דעמ 20־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע, אונטערנ נאָמענ „מענטשנ פונ פינפ יאָר“. די אופגאבע פונ דער קאפיטאלער ארבעט איז באשרײַבנ אינ א קינסטלערישער אונ לעבעדיקער פאָרמ די וויכטיקסטע אונ אקטועלסטע געשעענישנ פונ

ווירטשאפטלעכנ, פאָליטישנ אונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ פונ אונדזער לאנד פאר די לעצטע 8—10 יאָר, דער מאטעריאל דארפ זײַנ דורכגעדרונגענ מיט היסטאָריש־ריכטיקע פאקטנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

אינ דער ארבעט האָבנ זיכ שוינ אײַנגעשלאָסנ א אסאכ שרײַבער. עס איז אָרגאניזירט געוואָרנ א רעדאקציע.

דעם 16־טנ מארט איז בא גאָרקנ פאָרגעקומענ די זיצונג פונ דער רעדאקציע „מענטשנ פונ פינפיאָר”. אפ דער זיצונג זײַנענ בײַגעווענ די כ״כ: ס ט ע צ ק י, מ ע כ ל י ס, ש ט ש ע ר ב א ק אָ ו אונ שרײַבער—מיטגלידער פונעמ קאָלעקטיוו. אפ דער זיצונג איז אויסגעהערט געוואָרנ א פאָרטראג פונ כ׳ קאראבעלניקאָוו וועגנ דעמ צושטאנד פונ דער ארבעט איבער „מענטשנ פונ פינפ יאָר”.

די כ״כ ג אָ ר ק י, ס ט ע צ ק י אונ מ ע כ ל י ס האָבנ באגיטיקט אינ גרונט די ארבעט פונ דעמ שרײַבער־קאָלעקטיוו אונ האָבנ אויסגעדריקט זייערע ווונטשנ צו פארברייטערנ די ארבעט אונ שאפנ א גרעסערנ געזעלשאפטלעכנ רעזאָנאנס ארומ דעמ, ארײַנציִענדיק א ברייטערנ קרײַז שרײַבער. „די ארבעט ארומ „מענטשנ פונ פינפיאָר”— האָט געזאָגט דער כ׳ גאָרקי—דארפ ווערנ א זאכ פונ ערע פאר אלע סאָוועטישע שרײַבער”.

## פלענומ פונ פארוואלטונג באמ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער

דעמ 20־טנ אפרעל ד. י. ווערט צונויפגערופנ דער אָרדנטלעכער פלענומ פונ דער פארוואלטונ פונ די סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד מיט פאָלגנדיקנ טאָג־אָרדענונג:

1. סאכאקלענ פונ צווייטנ פלענומ פונ פארבאנד. סאָוועטישע שרײַבער פונ פססר אונ דער צושטאנד פונ דער ליטעראטור־קריטיק אינ ווײַסרוסלאנד — פאָרטרעגער כ׳ בראָנשטיינ.

סוב־פאָרטראגנ: — וועגנ דעמ צושטאנד פונ דער טעאטראלער קריטיק, פאָרטרעגער כ׳ מאָדעל.

וועגנ אייניקע פראגעס פונ דער ייִדישער ליטעראטור־קריטיק פונ ווײַסרוסלאנד — כ׳ דאמעסעק.

2. קעגנ דער נאצדעמישער ליטעראטור־קריטיק—פאָרטרעגער—כ׳ קלימקאָוויטש.

סוב־פאָרטראג קעגנ דער נאצדעמישער טעאטער־קריטיק—פאָרטרעגער כ׳ וואָלסקי.

3. אינפאָרמאציע פונ דער רעדאקציע איבער דער געשיכטע פונ בירגער־קריג.

4. אינפאָרמאציע פונ דער רעדאקציע איבער דער געשיכטע פונ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ.

5. אינפאָרמאציע פונ דער רעדאקציע איבער דער געשיכטע פונ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור.

6. אינפאָרמאציע פונ פאָלקאָמבילד אונ ווײַסמעלוכע־פארלאג וועגנ ארויסגעבנ א ליטעראַרישע כרעסטאָמאטיע פאר די שולנ.

* * *

די ייִדסעקציע באמ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר האָט די לעצטע צײַט פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע ליטעראריש־מאסעווע ארבעט אינ א ריי קלובנ אונ ביבליאָטעקנ.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן א גרויסער ליטעראַרישער אָוונט אין מינסקער פעדאגאָגישן אינסטיטוט. נאָכן פאָרטראג פון כ׳ צארט וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען ארויסגעטראָטן מיט זייערע ווערק די שרײַבער: כאריק, אקסעלראָד, קולבאק, טייפ, דאָלגאָפאָלסקי א. אנד.

אין דער מינסקער פערעץ־ביבליאָטעק איז דורכגעפירט געוואָרן א באגעגעניש פון די שרײַבער מיט די לייענער, עס האָבן געלייענט זייערע ווערק די כ״כ קאמענעצקי, קאצאָוויטש א. אנד.

לעצטנס איז אין שרײַבער־הויז פאָרגעקומען א גרויסער ליטעראַרישער אָוונט געווידמעט די יונגע שרײַבער פון ווײַסרוסלאַנד.

מיט א ברייטן ארײַנפיר־וואָרט איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ כאריק, וועלכער האָט געגעבן א גענויע אָפּהאנדלונג וועגן דער שאפונג פון די יונגע שרײַבער: רייזין, מאלטינסקי, דעכטיאר, שוועדיק, גרוביאן, העלער, ווינאָקור. אין די דעבאטן וועגן זייער שאפונג האָבן זיך באטייליקט די כ״כ צארט, ראָזענהויז, אָשעראָוויטש, קורליאנד, צירלין א. אנד. עס זײַנען אָפּגעצייכנט געוואָרן די אידייִש־קינסטלערישע דערפאָלגן פון די יונגע שרײַבער.

די יונגע שרײַבער האָבן נאָך דעם געלייענט אויסצוגן פון זייער שאפונג. דער אָוונט האָט באשטעטיקט דעם אָרגאנישן וווּקס פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור מיט נײַע יונגע שעפערישע קאדרען.

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק.
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אָשעראָוויטש, א. בער, י. בראָנשטיין, א. דאמעסעק, אי. כאריק, מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 272. דרוקערײַ א. נ. סטאלינ. גלאווליט 2370.

ארבעטער, ארבעטנדיקע, קאָלווירטניקעס, קולטור-טוער

# שרײַבט אויס

און פּאָפּולאַריזירט דעמ ליטעראריש-קינסטלערישנ
און פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכנ כוידעש-זשורנאל

# „שטערנ"

| | |
|---|---|
| „שטערנ" באַטייליקנ זיכ די בעסטע ייִדי-שע סאָוועטישע שרײַבער, קריטיקער, פּובליציסטנ אונ וויסנשאַפטלעכע טוער. | אינ זשורנאל |
| „שטערנ" באַטייליקנ זיכ די בעסטע רע-וואָליוציאָנערע שרײַבער פונ אויסלאַנד. | אינ זשורנאל |
| „שטערנ" ווערנ געדרוקט די בעסטע מוס-טערנ פונ די ברידערלעכע ליטעראַטורנ. | אינ זשורנאל |

אינ 1935 יאָר וועלנ זיכ אינ זשורנאל „שטערנ" דרוקנ א רײ נײַע ראָמאַנענ, דערציילונגענ אונ פּאָעמעס פונ אונדזערע בעסטע סאָוועטישע שרײַבער.

---

## אבאָנירט זיכ אפ דעמ זשורנאל „שטערנ"

## אפנ 1935 יאָר.

אבאָנעמענט-פּרײַז:

| | |
|---|---|
| 1 כוידעש — 1 ר. 50 ק. | 6 כאַדאָשימ — 9 רובל |
| 3 כאַדאָשימ — 4 ר. 50 ק. | א יאָר — 18 רובל |

## די אבאָנירונג ווערט אָנגענומענ:

אינ אלע שטאָט-ביוראָענ פונ פּרעסע-פארבאַנד, אינ אלע פּאָסט-אָפּטיילונגענ, אינ אלע קיאָסקנ אונ בא אלע צײַטונג-טרעגער.

אדרעס פונ זשורנאל „שטערנ": מינסק, רעוואָליוציאָנערע גאַס, 2.

פרײַז 1 רובל 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

343

ВЫДАННЕ
„Акцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.